לעאָן קאָבריז

# דער דאָרפֿס-יונג

א פּישער דראמא

פערלאג „עליזעאום" ווארשא.

1920. תר"פ

## פערזאָנען:

ישעיהו — אַ קרעטשמער.

פֿרומע — זיין פֿרוי.

יענקעל בוילע — זייער בן יחיד.

נחום נאָזאָסעלסקער — אַ קרעטשמער, ישעיהו'ס ברודער.

חייקע — זיין טאָכטער.

הירש־בער — אַ פֿישער.

תאַצע טריינעס — אַ פֿישער.

זלמן צירעלס — אַ פֿישער.

בראקאָפּ — אַ פּויער.

נאַטאַשאַ — זיין איניקעל.

איצע פּאַסטערניאַק.

פּויערים, פּויערטעס, דאָרפֿישע כּלי־זמר און א. ז. וו.

(עס האַנדעלט אין אַ דאָרף נעבען אַ גרויסער אוזערא אין מאָהילעווער

גוב. ביים דניעפּר).

# ערשטער אקט.

איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, הערט מען אַ שטיל געזאַנג פון אַ רוסיש, דאָרפיש ליעדעל. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען, זעהט מען דאָס פישער־שטיבעל: אַ גרויסער לאַנגער טיש. ביי דעם טיש אַ אויווען מיט אַ לעזשאַנקע. אין מיטען אַ גרויסע אָפענע פענסטער, וואָס קוקט אַרויס אויפ'ן אָזערע. די זון פאַלט אויפ'ן פענסטער, ח אַ צ ע טרייגעס, אַ דאַר אידעל, 45 יאָהר, מיט אַ פערשלאָפען פנים, אַ געל, קאַלטעוואַטע בערדעל, אין אַ גראָבען לייוועגדענעם חעמד, מיט אַ לאַנגען, אַלטען, געלען ארבע כנפות פון אונטער אַ זשילעט און זלמן צירעלעס, אַ געזונטער חברה־מאַן פון אַ יאָהר 23, מיט אַ רויט פערברענט פנים, לעבעדיגע, קאָבעדיגע אויגען, אין אַ שוואַרצע זשילעט, ברייטע שטיוועל מיט לאַנגע כאָליוועס, און נאָך אַנדערע פויערים, פישער זיצען אויף דער ערד, וואו עס ליעגט אויסגעשפרייט אַ געוואָרר, פערריכטען איהם מיט לאַנגע הילצערנע נאָדלען, דורך וועלכע עס איז דורכגעצויגען שפּאגאט, אַלע חוץ חאַצען זינגען דאָס רוסיש דאָרפס־ליעד.

זלמן (אַז מען האָט אָבגעזונגען): צַך! ווען יענקעלע בוילע זינגט עס, איז טאַקע דאָ וואָס צו הערען. די שיקסעס קריגען פאַר איהם דעמאָלט די כפרה! אוי, ווי איך בין איהם מקנא, ווי איך בין אַ איד!...

חאַצע: ווי דו ביזט אַ איד? איך מיין עפּעס!... דו ביזט אַ איד, יענקעלע בוילע איז אַ איד, דער אַלטער הירש בער איז אַ איד... איהר זייט אַלע אידען, וועה איז מיר! און מעג מען אייך מצרף זיין צו אַ מנין, אַזעלכע אידען? אָט ווי איוואַנ'ען, ווי פראָקאָפ'ן, איך מיין עפּעס!...

זלמן: ער האָט שוין גענומען טראַסקען מיט זיינע יוצרות, דער קעלמער!... מאַראָטשעט מיר ניט דעם מוח. וואָס האָט איהר זיך אין מיטשקע דערינען צופּלאַשעט מיט אייערע יוצרות? פערריכט בעסער דעם נעוואָד און האַקט מיר ניט קיין ספאָדיק. קעלמער! הירש בער קומט באַלד אַריין, און דער נעוואָד איז נאָך

ניט פֿערריכֿט, די שיפֿען זענען נאָך ניט אויסגעפּעקט, ער וועט שוין אונז פֿערגעבען אַ כּוואָראָבע.

חאַצע: מיר מהוט ווען דאָס האַרץ פֿאַר דיר, זלמן... איך האָב געקענט דיין טאַטען, ער איז געווען אַ פֿרומער איד, און דו ביזט אַ גוי... איך מיין עפּעס!...

זלמן: איך מיין אויך עפּעס, ר׳ חאַצע. אויב איך בין ניט פֿרום, וועט מען דאָך מיך שמייכען, וואָס האַרט דאָס איין?

חאַצע: טהו, טהו צו להכעיס, זלמן... אָבער ער דאַרט... ער זעהט און הערט און פֿערשרייבט! ווי פּלעגט זאָגען דער קעל-מער, זכר צדיק לברכה? — דער זינדיגער מענש לעבט ביז ער ציהט אויס די פֿיס, און דערמאָלט?... אוי דערמאָלט... איך מיין עפּעס!...

(ברעכֿט זיך אונטער, לאָזט אַראָב דעם קאָפּ און זיפֿצט).

זלמן: שאַ, אָט געהט נחום נאָוואָסעלסקער. אָט ער וועט הערען אייערע יוצרות!

נחום 45 יאָהר אַלט, קורצזיכֿטיגע אויגען, אַ שוואַרצע ברייטע באָרד, ווי אַ בעזים, אין וואַטאָווע הויזען און קאַפּטאַן, מיט איין אַרבעל אַ סאַרען און אַ צווייטען אַ גאַנצען. דעם קאַפּטאַן צושפּיליעט. די נאַקעטע ברוסט זעהט זיך אַרויס. אויפֿ׳ן קאָפּ אַ היטעל מיט אַ האַלבען קאַזיראָק.

נחום: אַ גאָט העלף! או-טיו ס׳אַרע היץ, מאַטעלאַך!

(קראַצט זיך אונטער׳ן פּאַכווע) עס פּאַרעט. אַ הייסער תמוז, פּרימע-ריטשע, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, און טענה ניט!...

זלמן: איהר שוויצט, ר׳ נחום, האַ? ווי זאָגט אונזער קעלמער: „איך מיין עפּעס"... איהר ווילט, אַז איהר זאָלט ניט שוויצען? לייגט זיך אוועק אין אייער ווינטערדיגען קאַפּטען און פֿלודערן ביי אונז אויפֿ׳ן לעדאָווניק, אויפֿ׳ן אייז צווישען די פֿיס, וועט איהר ניט שוויצען. נישקשה, איהר זענט אויך אַ היבשער העכט!...

נחום: דו לאַכסט פֿון מיינע תחתונים, האַ, זלמן? וואָס רען זאָל איך אָנטהון, מיינע שבת׳דיגע, וואָס? אַ ביטערע עבירה. וואָלדעם וועט ניט זיין אין וואָס צו פֿאָהרען אין שטאָדט אַריין!

חאַצע (אויפֿגעשטאַנען): שלום עליכם, ר׳ נחום...

נחום (אָנגעקוקט מיט די קורצזיכֿטיגע אויגען): האָ, האָ

זאָלט איהר מיר מוחל זיין! איהר זעגט עס, ר' חאַצע? וואָס זאָגט איהר? איך האָב אייך גאָר ניט בעמערקט! על-כל-פּנים, אַ קורצ-זיכטיגער פערד איז אַ האַלבער בלינדער... וואָס-זשע מאַכט איהר טאַטקעלע, האַ?...

חאַצע: אָט ר' נחום מען מאַכט... עבירות, מאַכט מען, ברוך השם. ס'איז-ניך היינט, היט זיך מאָרגען פֿון עבירות. ווען מען איז אָבער אַ פֿישער אין אַ דאָרף, ווייט פֿון אַ בית-מדרש, ווייט פֿון אידען, איז שווער זיך איינצוהיטען פֿון עבירות... קיין מאָל דאַווענט מען ניט בציבור. קיין קדושה הערט מען ניט, קיין אמן זאָגט מען ניט. אוי, ר' נחום, די פּרנסה, איך מיין עפּעס! פֿאַר די זעקס חדשים, וואָס איך בין אַ פֿישער, בין איך גאָר איינגאַנצען אויס איד געוואָרען! אַ קאַטאָוועס, אַ מצוה צו כאַפּען איז נישטאָ וואו. און וואָס איז אַ איד, ברוך השם, אָהן מצוות? אָט ווי אַ גוף אָהן אַ נשמה, איך מיין עפּעס!...

נחום (זיפצט): אמת, אמת, ר חאַצע. טאַקע אַזוי, טאַקע! זאָלט איהר מיר מוחל זיין, אַ איד אָהן מצוות איז, פּרימעריטשע, ווי אַ פערדעל אָהן אַ כאָמיס. ווי מיין קליאַטשע אָהן אַ בייטש. אָט איהר, ר' חאַצע, האָט כאָטש מצוות פֿון פֿריהער, אַ שטאָדטישער מענש, זאָלט איהר מיר מוחל זיין. געגאַנגען אין בית מדרש, געכאַפּט אַ מאָל אַ ברכו'לע, צי אַ עליה'לע. זיך טובל געווען אַ מאָל אין אַ נאַסטאַיאַשצער אידישער, כשר'ער מקוה'לע, צי מאַלע וואָס נאָך פֿאַר אַ מצוות... אָבער אַזאַ ליידאַק, ווי איך בין, זאָלט איהר מיר מוחל זיין. אָבגעלעבט אַלע מיינע יאָהרען אויפ'ן דאָרף פֿון קינדוויז אויף... עך, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, פּאַסקודנע! מען וועט רייסען דאָס פֿלייש אויף יענער וועלט, מען וועט האַקען. און טענה ניט!...

זלמן: ר' נחום, נעמט מיט זיך אויף יענער וועלט דעם וואַטאָווען קאַפּטען מיט די פּלודערן, דעמאָלט, אַז מען וועט האַקען, וועט מען האַקען אין דער וואַטע אַריין...

נחום: נו, נו, זלמנ'קע, דער שלאַג זאָל דיך נעהמען! לאַך ניט פֿון אידישקייט... דו ביזט ניט יענקעלע... דו ביזט אַ שטאָדטישער בחור'ל, און דיין טאַטע האָט דיר אודאי אויך ניט בעוזשאַלע-

חעס קיין קלעפּ, דו זאָלסט זיין אַ פרומער איד... יענקעלע, זעהסטו, אז ער האַלט ניט פון אידישקייט. איז עפּעס אַנדערש. אַ בן יחיד ביי זיין טאַטען. געזשאַלעוועט איהם צו שלאָגען. נו, איז ער אויס-געוואַקסען אַזאַ ווילדער... קיין שייטעל עברי קען ער ניט, פּרימצ-ריטשע, זאָלסטו מיר מוחל זיין! אָהאָ, אויפהאָדעווען אידישע קינ-דער, זיי זאָלען זיין פרומע אידען, מוז מען שלאָגען. אויף וואָס-דען, פּרימעריטשע, זענען בעשאַפען געוואָרען רימענע לאָקשען? אַ בייטש? ריטער? פערשטעהסטו, זלמנ'קע? כדי אידישע טאַטעס זאָלען האָבען מיט וואָס צו קאַטעווען אידישע קינדער!... אז מען וויל, פּרימעריטשע, אַז אַ פערד זאָל זיין אַ לייט, מוז מען איהם קאַטעווען, היינט אַפּשיטא אידישע קינדער זאָלען זיין נאַסטאַ-יאַשצע אידען, מוז מען זיי אַוודאי קאַטעווען... אָהאָ. זאָלסטו מיר מוחל זיין, און טענה ניט!

ז ל מ ן: דאָ דאַרף מען קאַטעווען. אויף יענער וועלט וועט מען קאַטעווען... אוי, עס איז אַ מחיה צו זיין אַ איד! (זינגט): סאַ-שינקאַ מאַשינקאַ, דושענקאַ פּאַראַשינקאַ, אוי-ליולו, אוי-ליולו...

ח א צ ע: איהר הערט, ר' נחום? „סאַשינקאַ און מאַשינ-קאַ", איך מיין עפּעס!... וואָס דען האָט ער זיך דאָ געקאָנט אויס-לערנען, ביי די פישער, צו זינגען אַ הארציגען זכרנו לח, וואָס? אוי, ר' נחום, די ביטערע חיתה! וויפיעל אידען רייסט עס אַוועק פון אידישקייט, איך מיין עפּעס!...

נ ח ו ם: טאַקע אַזוי, ר' חאַצע, די חיונה, וואו האָט מען אַ מאָל געזעהן אַזוי פיעל אידישע פישער, וואָס זאָלען אַרבייטען ווי פשוט'ע ערלים? אַ מאָל איז איין הירש-בער געווען דער איינ-ציגער אידישער פישער אין דאָרף און אַצינדער...

(פונ'ם הויף הערט זיך הירש-בער'ס קויל: האַנע, זלמן, די וועלף זאָלען אייך פרעסען!)

ז ל מ ן: הירש-בער שרייט שוין! ער איז שוין אין כעס. (שרייט) ר' הירש-בער, מיר זענען שוין באַלד פערטיג, ר' חאַצע האָט איהם וואָלט איהר בעסער אויס'געמוסר'ט. ער זאָל אויף אונז אַזוי ניט שרייען, דער אַלטער בעל עבירה'ניק...

ח אַ צ ע (זעצט זיך צוריק אַרבייטען): ער מעג שרייען, ער

איז דאָ דער גלאָװנער פישער. ער איז מחויב אָבצוגעבען דין-וחשבון דעם בעל-הבית פאַר אונז...

הירש בער מיט אַ לאַנגער װייסער באָרד, װי בײ אַ פּאַט-ריאַרך, אין אַ ברייטען פּלאַשינ, מיט אַ שװאַרצען רימענעם פּאַרטוך, גרויסע הענדשקעס, געלע ברייטע שטיװעל, הינקט-צו אויף אַ פוס.

הירש בער: פאַרװאָס האָט איהר נאָך ניט אויסגעפּעכט די שיפען? דער בעל-הבית קומט באַלד פון שטאָדט...

זלמן: אָט באַלד זענען מיר פאַרטיג מיט'ן נעװאָד, װעלען מיר אַרויס פּעכען. ר' הירש-בער, אָט דאָ, אויפ'ן רעכטען פליגעל, האָבען מיר געפונען אַ גרויסע לאָך...

הירש בער: װי גרויס?

זלמן: אָט װי חאַצעס קאָפּ אַודאי. (לאַכט)

הירש בער: אויב ניט גרעסער װי חאַצעס קאָפּ, איז אָהן סכנות. אַבי ניט די גרויס װי דיין נאַר, מזרילע דו, אַ מראַסצע דיר אין הערצעלע. (טהוט אוים דעם פלאשינ, און דאַן הויבט ער אָן פון זיך צו חאַרפּען זעק, װאָס זענען אַרום איהם אַרומגעבונדען, אַ נאַגיצען באַרג).

זלמן (פערװאונדערט): װאָס זענען דאָס פאַר אַ זעק, ר' הירש בער?

הירש בער (שמייכעלט): די זעק? אַ סימן אַז גאָט פעלאָזט ניט אַזאַ צדיק װי מיך... איך דאַרף זיי טאַקע נויטיג האָבען. (צעלאַכט זיך) אוי אַ פויערשער קאָפּ!... כאַ, כאַ, כאַ... הערט אַ מעשה!... איך פאָהר פערביי איװאַן דעם סטאַראָסטע מיט דער קאַרזינע דגים צום לעדאָװניק, שטעלט ער מיך אָב: — זדאַרוע, ריש-בער. — זדאַרוע. — פיהרסט פיש? — פיש, ר' איװאַן. דערמאָנט ער מיך, אַז איך האָב נעכטען ביי איהם געבעטען אַנ'אַקס לייהען. אויב איך װיל, זאָגט ער, קען איך אַצינד געהן אין קלייט צו איהם און זיך אויסקלייבען אַנ'אַקס. מילא, פערשטעהט דאָך מיינער, אַז ר' איװאַן װיל אַליין בלייבען נעבען דער קאַרזינע דגים... אָבער איך טראַכט מיר: גוט, ר' איװאַן, דו בלייב אַליין נעבען מיינע דגים און איך אַליין אין דיין קלייט, מיר װעלען זעהן, װער עס װעט װעמען בעסער אָנפּייפען, טראַסצע טװאָיעי מאַטערי!...

הקצור, איך גפה אַריין אין קליים און קוק זיך אַרום אויף ר׳ איוואַנען, און ער איז אַריינגעקראָכען אין קאָרזינע מיט אַלע פיער ווי אַ גוסקר דבר-אחר, מחילה. שלעפט די פיש פון קאָרזינע און שפּאַרט זיך אונטער׳ן בּוזים. מיינער דערזעהט דערוויי̈ל אין קליים אַ אהצר מיט זעק. כאַפּט מיינער אַרונטער די דעליע פון זיך און נעמט וויקלען אַרום זיך אַ זאַק נאָך אַ זאַק: זה כפרתי, זה הזאַק פאַר מיינע דגים, וואָס ר׳ איוואַן האָט געלאַטכענט, ונאמר אמן! אָנגעטהון אויף זיך ווידער די דעליע, געטהון אַ גוטען שמעק טאַ-פּיק, גענומען אַנ׳אַקס און האַידאַ, אַרויס צו ר׳ איוואַנען... און ער שטעהט זיך ביי מיין וואָגען מיטביידע הענד ביים בּוזים, פאַרדעקט הייסט עס די פיש, איך זאָל זיי ניט זעהן. מיינער אָבער טהוט איהם אַ פּאָרשקע אונטער׳ן לעפעלע: קיטץ-קיטץ!.. ער טהוט זיך אַ טרייסעל און טרייסעלט אַרויס די גאַנצע פיש פון אונטער׳ן בּוזים. און ר׳ איוואַן האָט מיר טאַקע אָנגעפּייפט. כאַ, כאַ, כאַ!... (אַלע לאַכען).

<u>חאַצע</u>: און איך האָב געהערט, ווי דער קעלמער מגיד האָט גע׳דרש׳נט, אַז דער, וואָס גנב׳עט אַ פערד צי אַ נאָדעל, צי ביי אַ גוי צי ביי אַ אַידען, לתבדיל, איז אַלץ איינס אַ גנב, פע, איך מיין עפּעס!...

הירש בער: ברוכים הבאים, דער קעלמער רעדט שוין! ווילסט אַ שמעק טאַביק, חאַצע? קעלמער מורילע דו, איך האָב ביי איהם גע׳גנב׳עט? איך האָב דאָך נור מיט איהם אַבּייט גע-מאַכט. ער האָט ביי מיר גענומען פיש בלא רואה, און איך ביי איהם זעק בלא רואה. (אַ קליינגקן פון גדעקלעך דערהערט זיך) דער בעל הבית פון שטאָדט! נו, קעלמער, זלמן, אַרכיפּ, סטעפּאַן, אַרויס מיט׳ן נעוואָד און געפּעכט די שיפען (אַלע כאַפּען זיך צום געתאַר, מען לעגט איהם צוגויף און מען טראָגט איהם).

זלמן: גיכער, ר׳ חאַצע, קעהר זיך! דער בעל הבית!

<u>חאַצע</u> (העלפענדיג שלעפּען דעם געתאָר): וואָלט איהר אַזוי מורא געהאַט פאַר גאָט, ווי איהר האָט מורא פאַר דעם בעל הבית.

(אַלע, אויסער הירש בער און נחום, אַרויס מיט אַ שטיף געזאַנג).

נחום (צלין מיט הירש בער'ן): ר' הירש-בער, וועט איהר ניט פֿאַרגעסען, פרימעריטשע, וואָס איך האָב אייך פֿריהער געבעטען וועגען צונעהמען יענקלען פֿאַר אַ פֿישער?...

הירש בער: אַז דו ווערסט שטעלען אַ קוואָרטעלע י״ש, וועלען מיר איהם צונעהמען. ביי אונזערע פֿישער פֿעהלט טאַקע אַזאַ תלמיד חכם, ווי יענקעלע...

נחום: אַ קוואָרט נור? אַ טאָפּ וועל איך אייך געבען פֿון דעם בעסטען ספּירט, אַבי מאַכט יענקלען פֿאַר אַ לייט... אָט איהר פֿערשטעהט דאָך, ר' הירש-בער, מיין פּאַלאָזשעניע, פּרימעריטשע. יענקעלע מוז דאָך זיין מיין חייקעלעס חתן... אוי, פּאַסקודנע, און טענה ניט!...

הירש בער: דער שידוך בלייבט טאַקע צווישען יענקעלען און דיין חייקען?

נחום (מיט אַ רחמנות פּנים): ווי זשע דען, ר' הירש-בער? אַ תקיעת-כף, זאָלט איהר מיר מוחל זיין! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטען, אַז יענקעלע וועט אויסוואַקסען אַזאַ דזשיקאָן, פּרימעריטשע?... ביי מיין חייקעלען אויפֿ'ן מזל טוב איז דאָס געווען. ד' איז דעמאָלט געווען אַ ציפּליאָניקעל, איין וואָך אַלט און יענקעלע אַ שטשאָניקעל, צוויי יאָהר אַלט. — מאַכט צו מיר מיין ברודער ישעיהו דעמאָלט אויפֿ'ן מזל טוב: „נחום-סערדצע, דו האָסט, פּריימעריטשע, אַ ציפּליאָניקעל חייקעלע און איך האָב אַ שטשאָניקעל יענקעלע, זאָלען זיי זיין חתן כלה..."

הירש בער (ברעכט איהם אונטער): איך ווייס, איך ווייס!... איהר האָט געמאַכט אַ תקיעת-כף, אַז דער שטשאָניקעל זאָל נעמען דעם ציפּליאָניקעל, איז אָבער דער שטשאָניקעל אויסגעוואַקסען אַ ווילדער בייקעלע, זאָגסטו, אַז ער טויג ניט פֿאַר דיין חייקעלע. איך ווייס עס דאָך, וואָס מאַראַטשעסטו מיר מיט דעם ווידער דעם קאָפּ?

נחום: עס טהוט אַזוי וועה, ר' הירש-בער, זאָלט איהר מיר מוחל זיין! אָט איך, פּרימעריטשע, בין דאָך אויך ניט קיין גרויסער למדן, דאָך קאָן איך זאָגען אַ קאַפּיטעל תהילים פֿונ'ם גראָבען סידור, אָבער יענקעלע?...

הירשבער: וואָס מאַכט ישעיהו?

נחום: קוים וואָס ער לעבּט... ער האָט היינט געשיקט נאָך מיר, ער וויל, זאָגט ער, היינט זאָל זיין דער קנין מיט ח־יקפּ־לען... עך, ווען מיין ברודער ישעיהו וואָלט געזונד געוועזן, איך וואָלט שוין ביי איהם דעם תקיעת־כף אַרויסגעריסען. מיט געוואַלד, [illegible] איהר מיר מוחל זיין. אָבער אַזוי? געהט שלאָג מיט געשלעג, זאָלט [illegible] נאָך שטאַרבען, פרימעריטשע, זיך מיט אַ קראַנקען! [illegible] און דערנאָך וועט קיין רוה פון איהם ניט זיין... עך, פּאַסקודנע, [illegible] טענה ניט...

(פונ'ם פיהר־הויז אַ געפּילדער).

הירשבער: שאַ, דער בעל הבית געהט! און דו טענה אויך ניט אַזוי פיעל, מורילע, דו געה און שיק אַהער יענ־קעלען. זאָל ער אַליין בעטען דעם בעל הבית.

נחום: וועט איהר אויך אַריינוואַרפען אַ גוט וואָרט?

הירשבער: יאָ, יאָ, אַבי טשעפּע זיך אָב פון מיר.

נחום: איהר וועט פון מיר קריגען אַ ריכטיגען טאָפּ, און טענה ניט! (אָב).

איצע פּאסטערניאַק, 40 יאָהר אַלט, אַ שעהנער איד, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ שוואַרצע באָרד, אָנגעטהון מעשה שטאָדטישער בעל הבית, הינטער איהם זלמן מיט אַ טשעמאָדאַן.

איצע: אַ גוטען, ר' הירש בער, או־ווא, הייס!... (מישט זיך דעם שטערען).

הירשבער: שלום עליכם. זלמן, זאָג נאַטאַשאַ'ן וועגען סאַמאָוואַר.

זלמן (שרייט): נאַטאַשאַ! נאַטאַשאַ!...

נאַטאַשאַ (פונ'ם פיהר־הויז): האַ־הו, האָ־הו...

זלמן: דערלאַנג דעם סאַמאָוואַר.

נאַטאַשאַ מיט אַ לאַנגען, בלאָנדען צאָפּ, פערפּאַכטען מיט אַ רויטע סטענגע, מיט קאָראַלען אויפ'ן האַלז, אַנ'אונטערגעקאַשערט קליי־דעל אין קעסטלאַך, אין גרויסע שיך אָהן שנירלעך, פון וועלכע עס קוי־קען אַרויס די נאַקעטע פיס, טראָגט אַריין אַ קאָכענדיגען סאַמאָוואַר און אין גאַנג סקראָבּעט זי מיט די שיך.

נ אַ ט אַ ש אַ : אָט דאָ איז דער סאַמאָוואַר. שריי ניט, זלמן, דו וועסט נאָך אוספּייען אָנצוזשלאָקען זיך מיט דעם טהעע. (שטעלט דעם סאַמאָוואַר אויפֿ'ן טיש און רייבט די נאָז אָן אַרבעל) .

ז ל מ ן : און וואו זענען די גלעזער ?

נ אַ ט אַ ש אַ : איך ברענג, איך ברענג, זאַראַז. (אָב, סקראַ-בענדיג מיט די שיך) .

ז ל מ ן צום בעל הבית מיט אַ אונטערטעניגער מינע) : בעל הבית הייס, הא ?

א י צ ע : או-וואַ ס'אַרע היץ !

ז ל מ ן : טהוט זיך פֿונאנדער, טהוט-אויס דעם בגד. (שלעפּט פֿון איהם אַראָב דעם בגד און לעגט אָן אַ זייט) או-וואַ, ס'אַרע היץ ?! טאַטעלאַך ! גוט פֿערשוויצט, בעל הבית, הא ? טהוט-אויס די שטיוועל. גיט, איך וועל אַראָבשלעפּען. (איצע זעצט זיך, זלמן שלעפּט אַרונטער פֿון איהם די שטיוועל, שטעקט אַהין אַריין די נאָז און פֿארשקעט). אוי, אוי, וואָס פֿאַר אַ שווייס ! או-וואַ, אַ מורא, (וואַרפֿט די שטיוועל אונטער'ן טיש, דערלאַנגט איהם די שטעק שיך). אָנ-גיסען אייך טהעע, בעל הבית?

נ אַ ט אַ ש אַ קומט-אַריין מיט די גלעזער.

ה י ר ש ב ע ר : זעה נור זעה, ווי ער האָט זיך צו סאַראַ-ראָטשעט, די קאַלאַקאַטקע ! זלמן, איך האָב פֿיינט אַ מענשען מיט הינטישע תנועות ! קריך ניט אַזוי צום בעל הבית אין די אויגען, פֿאַ־ אַ איידעם וועט ער דיך ניט נעהמען, מורילע דו נאַטאַשאַ, גיס אָן די גלעזער...

נ אַ ט אַ ש אַ : איך גיס, איך גיס, ריש-בער. טשודנע מענ-שען, אַזוי הייס, און זיי פֿאַרען זיך נאָך מיט'ן קאָכענדיגען טהעע ! (גיסט-אָן) נאַט, פֿאַרעט זיך, נאַט... (רייבט זיך דעם פֿערשוויצטען שטערען אָן אַרבעל. אַלע הויבען איהר זעצען זיך צום טיש).

א י צ ע : נאַטאַשאַ, רוף אַריין חאַצען, טרינקען טהעע.

נ אַ ט אַ ש אַ : הא ? הכּצען ? דאָבזשע ! (קוקט אויף איצע'ן און קראַצט זיך אין רוקען) כאָזאַאין, הא, כאָזאַאין, געבראַכט הא ?...

א י צ ע : וואָס געבראַכט !

נאַטאַשאַ: אָט די מית:ה...

איצע: אוי, אוי, ווידער פערגעסען... נו, נאטאשאַ, אויף נאמנות. דעם צווייטען מאָל וועל איך שוין ניט פּערגעסען... וועל דיר ברענגען אַ גאָלדענעם פּינגעריל, אויף בלא, אם ירצה השם...

נאַטאַשאַ: הע, הע, כאַזאַאין, הע, הע, (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) ניט גוט צו אָבמאַנעווען, ניט גוט אָבצונאַרען, ניט גוט!...

איצע: די ערל'טע איז מבין אַנ'אינטערעס...

הירשבער (שטעהט-אויף פונ'ם טיש און הינקט-צו צו איהר מיט דער פּושקע טאַבאַק אין דער האַנד): אָט איך האָב פּאַר דיר אַ מתנה, אַ גוטען שמעק טאַבאַק. ווילסט? (רוקט איהר די פּושקע אונטער די נאָז).

נאַטאַשאַ (שפּרינגט אָב און גיסט): ביזטו משוגע? וואָס פּראָקליאַטי! די הענד זאָלען דיר אָבדאַרען, ריש בער. (גיסט און לאַכט, אַלע לאַכען מיט איהר).

חאַצע קומט אַריין, ווישט זיך די הענד אָן אַרבעל פון זיין העמד, זעצט זיך צום טיש).

חאַצע: נאַטאַשאַ, שייל אָן אַביסעל קאַרטאָפעל. (זי וויל געהן).

איצע: שטעה, נאַטאַשאַ, נא דיר צו נאשען. (גיט איהר עטליכע שטיקלאַך צוקער).

נאַטאַשאַ: ספּאַסיבאַ! (נעהמט איין שטיקעל אין מויל אַריין, די איבריגע בעהאַלט זי אונטער'ן בוזים. פּלוצים דערהערט זיך פון דרויסען אַ קנאַקען פון אַ נאַכטיגאַל. ביי נאַטאַשא'ן הייבט אָן דאָס פּנים צו שטראַהלען און די אויגען לייכטען) איהר הערט? יענקעלע מאַכט עס, אַלע פייגעלעך מאַכט ער נאָך, דער שעלמאַ!... (לויפט אַרויס פון שטוב, מקראַבענדיג מיט די שיך).

יענקעלע בעוויזט זיך פערביי דעם פענסטער אויפ'ן הויף, אָנ-קומענדיג פון דער זייט, וואו עס געפינט זיך די אָזערא. ער קומט אַריין אין דאָס פּישער-שטיבעל, טראָגט אַ שוואַרצען פּידזאַק מיט אַ רויט-געבלומט טיכעל אַרום האַלז און לאַנגע שטיוועל, אויסגעשמירט מיט דיעגאַכץ.

יענקעל (מיט אַ באַסאָווען קול): גוט מאָרגען.

הירשבער: הא, אג׳אורה, בוילע! וואָס מאַכסטו עפּעס, תּלמוד חכם? וואָס האָסטו זיך עפּעס אַזוי אויסגעפּוצט, ווי אַ גראַף, יענקעלע? זעה נור, זעה, א פֿאַטשיילקע אויפֿ׳ן האַלז, די שטיוועל מיט דיעגאכץ אויסגעשמירט. וואָס איז דאָס היינט פֿאַר אַ יום טוב אויף דיין קאָפּ, יענקעלע?

זלמן: ער געהט זעהן א כּלה, איוואַן דעם סטאַראָסטעס הינקעדיגע קליאַטשע. אמת, יענקעלע?...

יענקעל: דו, זלמן, בישט מיר א גרוישער כיטרעץ. דו בעשער שווייג!... (זעצט זיך רייטענדיג אויף אַ בענקעל. נאַטאַשאַ קומט-אַריין מיט קאַרטאָפּעל אינ׳ם קלייד. דערזעהן איהם, טהוט זי צו איהם פֿרעהליך אַ מאַך מיט׳ן קאָפּ, ווישט מיט׳ן פֿויסט די נאָז. ער ווינקט צו איהר מיט אַנ׳אייגעל. זי צולאַכט זיך אין זיך, קעהרט אָב דעם קאָפּ, שטעלט זיך אין אַ ווינקעלע און שיילט קאַרטאָפּעל. ער ווענדעט זיך דאַן צום בעל הבית): בעל האַבוש, איך האָב געהערט, אז איהר זשייט דאָ בין איך געקומען..

הירש בער: א דאַנק דיר טאקע, יענקעל, פֿאַר דער טרחה.

יענקעל: לאָזשט מיך, ר׳ הירש בער, לאָזשט מיך. איך האָב א טובה צום בעל האבוש... (קראַצט זיך דעם קאָפּ) בעל האבוש איך האָב בעקלעהרט, אַזש אַזשוי איזש קיין טאָלק ניט ארומ־צוגעהן לעדיג און איך האָב געזשאָגט מיין טאטען, אזש איך געה צום בעל האבוש און איהם זשאָגען, אזש איך א פֿישער וויל ווערען און באַסטאַ.

הירשבער: אך, א כוואראָבע אויף דעם בוילע. האָסטו געהערט, ס׳אַרע טובה ער וויל טהון דעם בעל הבית!...

איצע (מיט אַ שמייכעל): ער מיינט א בקשה. ער וויל זאָגען, אַז ער האָט אַ בקשה צו מיר, ניט קיין טובה.

יענקעל (טהוט זיך אַ הויב מיט התפעלות פֿונ׳ם בענקעל):... טאַקע, בעל האבוש, טאקע, אַ בקשה... יעי באָהו, אַ בקשה! טהוט מיר בעל האבוש די בקשה, טהוט די אדאלזשעניע. (אלע חוץ חאַ־צען לאַכען. נאַטאַשאַ קוקט זיך אום און לאַכט אויך, פֿאַרשטעלענדיג דאָס מויל מיט דער האַנד. אין ווערלכער זי האַלט אַ קאַרטאָפּעל).

חאַצע (מיט וועהטאָג): איך אַ איד, ווער איז מיר, איך מיין עפּעס!...

הירש בער (מיט אַ גמרא ניגון): אוי איז עס אַ גאון! אוי איז עס אַ תלמיד חכם! נו ר' יענקעלע הגאון, מיר וועלען דיך בעהמען פאַר אַ פישער, ווען דו וועסט פאַר אונז מאַכען קידוש...

חאַצע: איהר זייט אַלע גאונים, איך מיין עפּעס...

זלמן: ר' הירש בער, זאָל יענקעלע זאָגען איזהו מקומן!

יענקעל (ווערט בייז): דו זלמן, שווייג בעשער, מאַראַטשע ניט, איך קען זשאָגען ווי דו אייזשעגו מאַקאַ... מאַקאַ... (קען ניט אויסריידען, ווערט ער נאָך שטאַרקער אין כעס און טהוט אַ שפּיי) טפו... די וועלף זשאָלען דיך פרעשען, זלמן! (קוקט אויף איהם בייז און זעצט זיך ווידער אויפ'ן בענקעל. אַלע לאַכען נאָך העכער, אין דיעזער צייט דערהערט זיך אַ שניידענדיג געשריי פון אַ קראָ. יענקעלע שפּרינגט ווידער אויף צושראָקען) אַ וואַראָנע! די וועלף זשאָלען זשי לופּען!...

הירש בער: זעהסט ווי ער האָט זיך דערשראָקען פאַר דער וואַראָנע. דאַכט זיך אַזאַ געזונטער חברה-מאַן און שרעקט זיך, רק, אַז עמיצער זאָל איהם ניט צוכאַפּען... פאַר צוויי יאָהרען, אַז ביי איהם איז געשטאָרבען זיין דריי יעהריגע שוועסטערל, האָט ער אַ גאַנץ יאָהר דעמאָלט מורא געהאַט אַרויס צוגעהן אַליין ביי נאַכט, טאָמער וועט זי איהם צוכאַפּען... נישקשה, פאַר לעבעדיגע מיידלאך, ווען זיי זענען אפילו עלטער פון דריי יאָהר. האָט ער ניט מורא, אַ כוואַראָבע איהם אין הערצעלע. (יענקעלע לאַכט) נו. לאַכט ער. עס איז איהם געפעלען, דעם תנא ברא!

יענקעלע: איך האָב ניט מורא... פאַר קיינעם האָב איך ניט מורא... אָבער אַ וואראָנא איזש אַ פּאַגאַנער פויגעל, אַזש זשי קראַקעט, וועט זשיין אַ בּיעדאַ... טפו...

איצע: ווילסטו, הייסט עס, יענקעלע, ווערען אַ פישער? ווערסטו זיך ניט פוילען?

יענקעל: איכ'ל זשיך פוילען? (טהוט זיך אַ קלאַפּ אין די ברוסט): בעל האבוש! פּגר'ן, קראַפּירען זשאָל איך, אויב איכ'ל זשיך פוילען. נ̇ט, בעל האַבוש!... (מאַכט אַ בעוועגונג ווי צום צלמ'ען זיך).

**חאצע** (מיט שרעק): אוי, ער וויל זיך צלם'ען !...

**יענקעל** (צומישט, לאָזט אַראָב די האַנד): טפו, איך האָבן זשיך אָבער ניט געטשיילעמט... איך בין אַ איד ווי חאַצע, ווי הירש בער, ווי דער בעל האַבוש... איך האָב זשיך ניט געטשיילעמט... עס איזש נאָר אַ פריוויטשקאַ אזשאָ פאַסקודנע! (קלאַפט זיך איבער דער האַנד) וואָט זאַראַזאַ!

**איצע**: זלמן, גיב יענקעלען אַ פאָר פישערשע שטיוועל-גוט, יענקעלע, פון מאָרגען אָן איז דיין חודש...

**זלמן**: (שטעהט-אויף שלעפט אַרוים פון אַ ווינקעל אַ פאָר פי-שערשע שטיוועל) נאַ, יענקעלע, זאָלסט אָבער שלעפען דעם נעוואָד. אַ ניט וועט הירש בער די קישקעס פון דיר אַרויסנעהמען...

**יענקעל**: איך האָב ניט מורא (בעטראַכט די שטיוועל מיט התפעלות. מאַנצט אונטער) אַהאַ, איך בין אַ פישער! איך בין אַ פישער!...

**הירש בער**: צופריעדען, יענקעלע, האַ? נו, טאַנץ טאַקע, יענקעלע, ווייז דעם בעל הבית וואָס פאַר אַ גאָון דו ביזט...

**יענקעלע**: ניין, ניין, אַנאַנדערשמאָל... (געהט-צו צו איצע'ן) ספאַסיבאָ, בעל האַבוש!... (דריקט איהם די האַנד און נוינט זיך).

**הירש בער**: נו, זאָל זיין אַנאַנדערסמאָל, תלמיד חכם מיינער... חאַצע, זלמן, אַרויס צו די שיפען!... בעל הבית, איהר געהט אויך מיט אונז?...

**איצע**: יאָ, יאָ... (אַלע הויבען זיך אויף פונ'ם טיש און געהען צו דער טיר. ווען זלמן געהט פערביי נאַטאַשאַ'ן טהוט ער זי פער'גנב'עט אַ קיצעל. יענקעל בעמערקט עס, טהוט ער זיך אַ צאַפּעל און קוקט אָן מיט אויפגערעגטע אויגען נאַטאַשאַ'ן. ווען אַלע זיינען אַרוים, געהט ער צו צו נאַטאַשאַ'ן, טראָגענדיג די שטיוועל איבער'ן אַקסעל או טהוט זי אויפנערעגט אַ שלעפ צו זיך).

**יענקעל**: העי, דו!...

**נאַטאַשאַ**: וואָס? (לאַכט).

**יענקעל**: נאַטאַשאַ, איך האָב געהערט, אַז זלמנ'קע איזש מיט דיר... נאַטאַשאַ, אויב דאָש איזש עמעש... זשעה, נאַ-טאַשאַ, היט דיינע ביינער!...

נ אָ ט אָ ש אָ: וואָס מיר זלמנ׳קע?.. וואָס רעדסטו יענקעל!... איך האָב דיך ליעב, יענקעל, און באַסטאַ!... זלמנ׳קע איז אַ שלמא, פֿון מיינעטוועגען מאָג ער פֿערברענט ווערען!...

י ע נ ק ע ל (דריקט זי ליידענשאַפֿטליך צו זיך): איזש ראָש עמעש, נאַטאַשאַ? זשאָג, דעם גאַנצען עמעש, זשאָג! איך בין אָשאַליעט, נאַטאַשאַ, אָשאַליעיעט... איך האָב דיך ליעב, נאַטאַשאַ, אָט ווי איך האָב דיך ליעב, שעלמא!... (דריקט זי ווילד).

נ אַ ט אָ ש אַ (שרייט פֿאַר ווערטאָג): יענקעל, קוועטש ניט אַזוי, דו וועסט מיר די דושא אַרויסקוועטשען!...

י ע נ ק ע ל (לאָזט זי אָב) האָשט מיך ליעב שטאַרק? נאַטאַשאַ, שטאַרק, אַה?

נ אָ ט אַ ש אַ: איך האָב דיך זעהר ליעב, יענקעל, דושע, סאָקאָל טי מאָי!... זאָל איך לאָפען אויפ׳ן אָרט, אויב איך האָב דיך ניט ליעב!... (נעמט איהם אַרום) יענקעל, סאָקאָל טי מאָי ניענאַגליאַדני!...

י ע נ ק ע ל (לאַכט אויפ׳ן באַס): הו-הו-הו! (גלעט איהר צערטליך דעם קאָפּ): דו קראַסאַוויצאַ מיינע, עך, ווי שעהן די ביזט, שעלמאַ, די וועלף זשאָלען דיך פֿרעשען!...

נ אַ ט אַ ש אַ: דו ליגסט, יענקעל, דו האָסט מיך ניט ליעב... דו האָסט שוין אַ כלה, דיין פֿעטער נחום׳ס חייקען...

י ע נ ק ע ל: חייקען? טפו!... זשי איזש מיין כלה? הו-הו-הו!... נאַטאַשאַ, קראַפּירען זשאָל איך ווי אַ הונד, אויב זשי איזש מיין כלה!... איך האָב זשי פֿיינט, נאַטאַשאַ, אַ פּאַגאַנע מיידעל איזש חייקע, אַ צוואַנציג יעהריגע כאָליערע אויף איהר!...

נ אַ ט אָ ש אַ (דריקט זיך צו איהם): דיין כלה יענקעל, מוז זיין אַ קראַסאַוויצאַ, די שעהנסטע אינ׳ם דאָרף... פּאָניעמייעש, אַ מיידעל אָט אַזאַ, אַז ביי די כלאָפּצעס זאָלען די אויגען אַרויס, אָט אַי!... דו ביזט דער בעסטער טענצער אינ׳ם דאָרף, דער בעסטער זינגער אינ׳ם דאָרף... און געזונד און שטאַרק ביזטו, סאָקאָל דו מיין שעהנער, אָט ווי אַ יונגער דעמב!... און חייקע איז דיך ניט ווערטה. יעי באָהו, זי איז דיך ניט ווערטה... וואָס פֿאַר אַ מיידעל איז די, טאַנצען קען זי ניט, זינגען קען זי ניט, און אויך איבערישצעט בעטם זי ניט. (מהום זיך א באַם) אט ציז זי!...

חייקע אין איהר פּאַטענס שטיוועל, אין אַ קורצין קליידעל מיט אַ סיטצענער קאפּטע, אַ דאַרע, מיט אַנ'אויסגעמוטשעט פּנים. אַ פּולען קאָפּ מיט פּעדערען, קומט מיט אַנ'אימפּעט אַריין. דערזעהן יענקלען מיט גאַטאַשאַ'ן בלייבט זי שטעהן, ציהט אָב דעם אָטהעם און פּעברעכט די הענד.

חייקע (מיט שרעק): יענקעלע! איך זוך דיך... דיין טאַטע... ער שטאַרבט דאָרטען... און דו שטעהסט דאָ מיט דער שיקסע... אוי, בוילע!...

יענקעל: וואָס דו מאַראַטשעסט, ער שטאַרבט! דו שטאַרב, פּאַגאַנגאַיאַ דו!...

חייקע: אוי, יענקעל, זאָל איך ניט דערלעבען ביז מאָרגען. איך זאָג דיר, ער שטאַרבט! לויף גיך אַהיים... די וואָלסט בעסער אַ קאַפּיטעל תהילים געזאָגט, ווען דיין טאַטע שטאַרבט, און ניט זיך געהאַלובעט מיט אַ שיקסע!...

יענקעל: איזש דאָש עמעש, חייקע? ער שטאַרבט?... (שטרענג) זשעה, חייקע, אויב דער טאַטע ניט שטאַרבט, ווען דו מיך אָבמאַגעוועסט, די ביינער וועל איך דיר צוברעכען, געדענק!... (חייזט איהר דעם פויסט).

חייקע: ער שטאַרבט, ער שטאַרבט... מיר האָבען געוואָסט, אז ער וועט שטאַרבען: אייער הונד באַרבאָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואָיעט... לויף אַהיים. איך געה רופען די פישער, זיי זאָלען זיין ביי זיין מיתה... (אָב רעכטס).

יענקעל: נאַטאַשאַ, דער טאַטע שטאַרבט, דאָס איזש עמעש! באַרבאָס האָט טאַקע געוואָיעט... איך האָב אַליין געהערט... איך וועל געהן אַהיים... (מיט פּערדרוס און צערטליך) און איך האָב מיט דיר אין וואַלד געוואָלט געהן, האָלובושקאַ-נאַטאַשאַ... פּראָשטשאַי!

נאַטאַשאַ: פּראָשטשאַי, יענקעל. (קושט איהם) איך וועל שפּעטער קומען צו דיין טאַטען אין שענק...

ישעיהו'ס שענק.

אַ קרעטשמע. שוואַרצע פּערוויכערטע ווענד. אין דער פאָדערגרונד אַ בעטעל. דער קראַנקער ישעיהו אויף איהם. פרומע, זיין

פרוי, מיט אַ ווייס הייבעל אויפ'ן קאָפּ, שטעהט ביי זיין צוקאָפּענס און וויינט. נחום אין אַ ווינקעלע מיט אַ תהילים אין דער האַנד זאָגט אין דער שטיל תהילים. פון אַ הינטערשטען חדר אַ שטילער געזאַנג פון פויערים, וואָס טרינקען דאָרט...

ישעיהו (קרעכצט) אוי, אוי, די ערלים!... פרומע, בעט זיי, אַז זיי זאָלען אַזוי ניט געוואַלדעוועט... אוי, פרומע, איך שטאַרב... וואו זענען די אידען?... וואו איז יענקעלע? כאָטש ווידוי זאָגען ווי אַ איד! (קלאַפּט זיך אין האַרצען) חטאתי, עוויתי, פשעתי לפניך... אוי, גאָטעניו־פאָטעריל, מיין גאַנץ לעבען האָב איך אָבגעוואַכט צווישען גוים, אַ בלינדער מענש בין איך, אַן עם־הארץ, די אידישקייט דיינע האָב איך ניט אָבגעהיט... שטראָף מיך ניט צו שווער, גאָטעניו!... ... וואו זענען די אידען? נחום־סערדצע וואו ביזטו?...

פרומע (צו נחומ'ען): נחום, ישעיהו רופט דיך...

נחום (צוגעגאַנגען מיט רחמנות אינ'ם קול): דו רופסט מיך, ישעיהו־סערדצע?

ישעיהו: איך וויל ווידוי זאָגען, איך קען ניט אויסווענינ... אפשר קאָנסטו, נחום־סערדצע?...

נחום: אך? (קראַצט זיך אונטער דער פּאַטשטע): פון וואַנען זאָל איך קאָנען, פרימעריטשע? קוים וואָס איך קאַראַבקע זיך צרויס פון דעם תהילים, זאָלסט מיר מוחל זיין!... אוי, ברודער־סערדצע, מיר זענען גלייכע לְמדנים! ביידע וועלען מיר דאָרטען קריגען גלייך געהאַקט מיט די אייזערנע רוטען, ביידע, און טענה ניט!...

ישעיהו (כאַפּט איהם אָן פאַר אַ האַנד מיט שרעק אינ'ם קויל): אוי וועט מען דאָרטען שטראָפען... מען וועט בראָטען, בריענען... זשאַרען אויף הייסע סקאַוואָראָדעס... קאָכען אין פּעכער פעך. איך האָב אַזוי מורא... איך בין אַזוי ווייניג איד. (קלאַמערט זיך אָן נחומ'ס האַנד). אוי ראַטעווע, לאָז מיך ניט שטאַרבען, ... האָב מורא צו קומען אַהין פאַר זאָט!... און מיין בן יחיד, מיין יענקעלע, וועט ער כאָטש קאָנען קדיש זאָגען, ווי אַ איד? ... (פאַלט צוריק אויפ'ן קישען, קיקבּט און קלאַפּט זיך אין האַרצען) חטאתי

עווינע, פטעהי לפניך... (פֿון דרויסן הערט זיך אַ ווילדער רעווען פֿון אַ ביק און יענקעלס קויל: מטאָך-מטאָך-מטאָך! האָ-האָ, זאַריעזש טעביאַ וואָלקי!...)

פרומע: יענקעל איז שוין דאָ... (דער קראַנקער שעפּטשעט עפּעס, דאָס זינגען איז'ם הינטערשטען חדר האָט אויפֿגעהערט).

יענקעלע מיט די שטיוועל איבער'ן אַקסעל קומט אַריין.

יענקעל: דער ביק ברעכט זיך, יאָגט זשיך נאָך דער לאָבאָטער בהמה!...

פרומע: ש-ש-ש... (יענקעל קוקט זי אָן, דאַן שטעלט ער אָן די אויגען אויף זיין קראַנקען טאַטען, טהוט אַ שמיץ די פּיטערשע שטיוועל אין אַ ווינקעל און געהט צו צום בעט).

יענקעל: וואָס איזש דיר, טאַטע?

ישעיהו: בגדנו, גזלנו. (יענקעלע קוקט זיך אַרום צו-שראָקען).

פרומע (וויינט): יענקעלע, זעה דער טאַטע שטאַרבט מיט העצען וועלען מיר בלייבען?...

יענקעל (פֿאַלט-צו צום בעט): טאַטעינו, דו וועשט ניט שטאַרבען, דו וועשט ניט שטאַרבען...

ישעיהו: דו, יענקעלע? זעהסט דעם סוף... אוי, וועט מען שמייסען מיט אייזערנע ריטער!... וועסטו כאָטש נאָך מיר קדיש זאָגען, ווי אַ אידיש קינד, ווער איז מיר?...

יענקעל (וויינט): טאַטעניו, איך דיר זשאָג, דו וועשט ניט שטאַרבען. איך דיר זשאָג... זשאָל איך קראַפּירען, אויב דו וועשט שטאַרבען!...

ישעיהו: אוי, ווער איז מיר... „איך דיר זשאָג!”... אַ איד רעדט אַזוי... מיין בן יחיד... אוי ער וועט קיין קדיש ניט קאָנען זאָגען... „איך דיר זשאָג”... ראַטעוועט... עס איז אַזוי מורא'-דיג צו שטאַרבען...

נחום: יענקעלע, צט-נו, פּרימעריטשע, קאָנסט ניט ריי-דען ווי איך?... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטוקע צו ריידען ווי אַ איד, פּרימעריטשע?

פרומע: יענקעלע זוהנעניו מיינער, אָט רעד איצט ווי

אַן'אמת'ער איד... זאָג: טאַטע, דו וועסט ניט שטאַרבען, גאָט וועט רחמנות האָבען...

**יענקעל** (צומישט): וואָס ווילט איהר? איך דאָך זשאָג ווי אַ איד!...

**ישעיהו**: אוי, איי, זאָל ער בעסער שוויגען... נחום-סטרדצע, וואו איז חייקעלע? דער קנין, האָב רחמנות...

**נחום**: דער קנין? (קראַצט זיך מיט אַ פערקרימטע פּנים אונטער דער פּאַליע, אין פּלוצים טהוט ער אַ פּאַלאַצו צום קראַנקען און כּלימפּעט) ישעיהו-סערדצע, זיי מיר מוחל מיין תקיעת כּף, האָב רחמנות... איך בין דאָך אויך אַ איד, איך וויל דאָך אויך, אַז מיין חייקעלעס מאַן זאָל זיין אַ גאַסטאָיאַשטשער איד, פּרימעריטשע...! זיי מיר מוחל דעם תקיעת כּף, און טענה ניט...

**ישעיהו**: ניין, ניין, האָב רחמנות, כּאָטש אין אידישע הענד איהם איבערלאָזען...

**פרומע**: נחום, ער איז דיינער אַ ברודער... ער שטאַרבט, צאַפּ איהם ניט דאָס לעצטע ביסעל בלוט, וועה איז מיר!...

**נחום**: נו, נו, וואָס קען מען זיך העלפען? זאָל זיין דער קנין, מסתמא אַזוי בעשערט, פּרימעריטשע, און טענה ניט...

**יענקעל** (אויפגערעגט): טאַטעניו, וואָס זשאָגסטו? חייקע מיין כּלה? וואָס מיר חייקע? וואָס וועל איך טהון מיט חייקע? איך האָב זשי ניט ליעב (קראַצט זיך דעם קאָפּ און לאַכט) הי-הי-הי, חייקע מיין כּלה — טפו!...

**פרומע**: יענקעלע, זוהן מיינער, וואָס פעהלט חייקעלען? דו וועסט מיט איהר חתונה האָבען, ווי אַלע אידען טהוען...

**יענקעל**: איך, וועל חאַשינע האָבען מיט חייקען? אַהאָ, מאַמע, זשאָל זשי בגר'ן, איך וועל ניט חאַשינע האָבען מיט חייקען, און בעסטאַ!...

**נחום**: יענקעלע, דיר שטעהט נאָך ניט אָן דער שידוך מיט חייקעלען? אוי, אַ היבשער גלות, פּרימעריטשע, און טענה ניט...

**ישעיהו**: ווען דו טהוסט ניט דעם שידוך מיט חייקעלען, דער קבר וועט מיך אויסשפּייען... קיין רוה וועל איך ניט האָבען...

פֿ ר ו מ ע : יענקעלע, דער טאַטע שטאַרבט... ער וועט דיר ניט מוחל זיין...

נ ח ו ם : יענקעלע, דער טאַטע וועט דיך דערשטיקען... דאָס איז ניט קיין שוטקע, פרימעריטשע !...

י ע נ ק ע ל (קוקט איהם אָן פערוואונדערט מיט אויסגעגלאָצטע איינגען): דער טאַטע וועט מיך דערשטיקען?... מיך?... ער?... (ווייזט מיט דער האַנד אויפ'ן קראַנקען און לאַכט) הו-הו-הו ער וועט מיך דערשטיקען !...

י ש ע י ה ו (הויבט זיך אויף איבער'ן קישען פיבערהאַפט): יאָ. יאָ. פֿונ'ם קבר וועל איך דיך קומען דערשטיקען, פֿונ'ם קבר... גוי ! גוי !... (פאַלט מיט אַ קרעכץ צוריק אויפ'ן קישען).

י ע נ ק ע ל (קאָרטשעט זיך צוזאַמען מיט שרעק): טאַטעניו !...

י ש ע י ה ו : יענקעלע, זיי אַ איד, אַ איד... זאָגט וועל איך ניט קאָנען רוהען אינ'ם קבר... (יענקעלע קוקט אויף איהם מיט שרעק)

נ ח ו ם (יענקעלען אויפ'ן אויער): דו הערסט? עס איז ניט קיין שוטקע, פרימעריטשע... ער וועט דערשטיקען, און טענה ניט !... (יענקעלע קוקט אַרום זיך אַלץ טעהר און מעהר צומישט, צוטומעלט, מיט אויסגעגלאָצטע צושראָקענע אויגען).

פֿ ר ו מ ע (געהט-צו צו איהם און גלעט איהם פאַר'ן קאָפּ): יענקעלע, זיי מחיה דיין טאַטען... וואָס פֿעהלט חייקעלע'ן?...

י ע נ ק ע ל (מיט אַ ציטערדיג קול): טשערטי, וואָס ווילט איהר פֿון מיר? (ווייזט זיך פאַנאַנדער רחמנות'דיג, טרעט אָב אָן א ייט און קלאָגט אינ'ם ארבעל. פונ'ם הינטערשטען חדר הערט זיך אַ הויכער זינגען).

י ש ע י ה ו : אוי, אוי, זאָלען זיי ניט זינגען ! צווישען גויים שטאַרבען... געוואַלד, וואָז זענען די אידען?...

פֿ ר ו מ ע (לויפט-צו צו דער טהיר): מילינקיע, האָט רחמנות, זייט שטיל... מיין שייקע קען ניט הערען ! (עס ווערט שטיל).

ה י ר ש ב ע ר, ח י י ק ע און ה אַ ט ע קומען פֿון דער גאַס. יענקעל ווישט-אָב די אויגען מיט'ן אַרבעל און קוקט אויף חייקען אויפגערעגט.

ח י י ק ע (צו נחום'ען): כאַטשע ! אַ טנבֿה ! וויס שטעהט

אַזוי יענקעל אין כעס? (יענקעל קוקט אויף איהר נאָך בייזער) טאַטע, אַ טאַטע! זעה, ווי ער קוקט אויף מיר, ווי אַ וואָלף!...

נחום: חייקע, דו שווייג! ניט דיין דאגה, ווי ער קוקט אויף דיר, פרימעריטשע. (צווישען די ציינער) די ביטש איז דאָ, זאָלסט מיר מוחל זיין, און טענה ניט... (חייקע טרעט אָב פון איהם צוטראָקען, שטעלט זיך ניט ווייט פון יענקלען און קוקט אויף'ן לעצטען).

פרומע (טרעט אַרויס פון'ם הינטער גרונד און געהט־צו צו יענקלען): זעה, יענקעלע, וואָס פעהלט חייקעלען? קום אַ הער, חייקעלע!... (חייקע געהט־צו צו איהר. פרומע גלעט איהרע באַקען). זעהסט, יענקעלע, אַן'אמת'ער פאַרשוין, קיין עין הרע ניט!...

יענקעלע: די וועלף זשאַלען זשי פרעסען!... (געהט אָב אין אַ זייט אוןווישט זיך מיט'ן אַרבעל די אויגען).

חייקע (געהט איהם נאָך): דו וויינסט? אַהאַ, כאָליערע, איך האָב דיר געזאָגט, אַז דיין טאַטע שטאַרבט! (וויינט אַליין) אָבער וויין ניט, יענקעלע, גאָט וועט...

יענקעלע: אַוועק, זאַרצ‍ע, אַוועק! (טרעט־אָב פון איהר און געהט אַרויס אין דרויסען).

חייקע: ער קען מיך ניט ליידען, דער כאָליערע! (וויינט און ווישט זיך מיט די פויסטען די רויטע אויגען. פרומע געהט־צו און גלעט זי).

הירש בער (געהט־צו צום קראַנקען): ישעיהו, וואָס מאַך אַ נאַרישע תנועות מאַכסטו? שטעה־אויף און לאָז זיך אויס פון'ם שטאַרבען! עך, האָסטו געזעהן שטאַרבען גאָר? וואָס האָסטו קיין צייט ניט? דו וועסט אויספייען!...

חאצע: ר' הירש בער, איהר וואָלט איהם בעסער געהייסען ווידוי זאָגען... איהר זעהט? דאָס איז אונזער אַלעמענס סוף. איך מיין עפעס... (זאָגט תהילים מיט אַ ניגון) אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ד' (נחום זאָגט איהם נאָך)

הירש בער: איך ווייס גוט, חאַצע, איך ווייס: מיר פאַנגען די פיש און דער מלאך המות פאַנגט אונז...

ישעיהו (קרעכצט): דער קנין... נחום דער קנין...

נחום: וואו איז יענקעלע?

חייקע: איך וועל איהם רופען. (לויפט אַרויס).

פרומע (רופט): יענקעלע!... (לויפט אויך ארויס).

ישעיהו: ר' הירש בער, (הירש בער געהט צו) איך וויל מיין יענקעלע איבערלאָזען אין אידישע הענד... האָט רחמנות, זעהט, עס זאָל זיין דער קנין...

יענקעל, פרומע, חייקע קומען אריין אין שטוב.

פרומע (געהענדיג נאָך איהם מיט געוויין): יענקעלע, ווען ער שטאַרבט, קיין רוה וועט ער אונז ניט געבען... זוהן מיינער, מאַך דעם קנין!...

יענקעל (קרעכצט): אוי וואָס איהר ווילט פון מיר? איך הער משוגע! (מיט אַ געשריי) נו, זשאָל זשיין! זשאָל זשיין! (טהוט זיך אַ קעהר צו חייקען, שטיל צווישען די ציינער) די פּאַסקודנע רילאָ, די אָביעזיאַנע, די וועלף זשאָלען דיך פרעשען!... (חייקע בלייבט שטעהן צושראָקען).

הירש בער (נעמט אַרויס אַ טיכעל): יענקעלע, אַהערצו געה! (ער געהט צו) חייקעלע, אהערצו געה! (זי געהט צו) נעמט אָן די פּאַטשיילקע ביי די ברעגעס...

נחום: און וואָס זאָגט מען איצט, ר' הירש בער, פּרי-מעריטשע, זאָלט איהר מיר מוחל זיין?...

הירש בער: זאָל איך אַזוי פון קיין טראַסצע ניט וויסען... חאַצע, דו ביזט נפעס א תלמיד חכם, וואָס זאָגט מען בשעת אַ קנין?

חאַצע (העלפער זיצט נעבען קראַנקענס בעט): אידען, וועה איז מיר, און ווייסען ניט וואָס צו זאָגען בשעת אַ קנין. (הויבט זיך אויף פונ'ם אָרט און געהט-צו צו הירש בערין) איך מיין עפּעס... לאָזט מיך! (נעמט פון זיינע הענד די פּאַטשיילקע) ר' נחום, וואָס זאָגט איהר צו דעם התן נדן?

נחום: געלד, פּרימעריטשע, קיין צוברעכענעם גראָשען ניט! איך גיב איהם די לאָבאַטע בהמה, ניט די ראַבע, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, נור די שוואַרצע... און איך גיב איהם צוויי טיגעל-קעס, פּרימעריטשע... די צלטע קליאַטשע און וואָס נאָך? (קראַצט

זיך דעם קאָפּ) נו יאָ, און חייקען, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, און מענה ניט...

חייקע: טאַטע! אָ טאַטע! דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו וועסט נאָך געבען פופציג קערבלאַך?

נחום: אַ מכה! שווייג, וואו איז די בייטש? (זי רוקט זיך פון איהם אָב צושראָקען).

חאַצע: און וואָס גיט איהר, ר' ישעיהו, געגען נדן?

ישעיהו (קרעכצט): אלץ, אלץ וואָס איך פערמאָג...

חאַצע (פייערליך): אידען, זייט עדות, אַז זיי האָבען מקבל קנין געווען, און פון היינט אָן זענען חייקע און יענקעלע חתן כלה אי פאר גאט אי פאר לייט... (אַלע זאָגען „מזל טוב". פרומע קושט חייקען און יענקעלען און וויינט).

ישעיהו: יענקעלע! (ער געהט־צו צום טאַטען מיט אַנגעראַבגעלאָזענעם קאָפּ) איצט בין איך רוהיג, יענקעלע. (נעהמט איהם אָן פאַר אַ האַנד און קרעכצט) זיי אַ איד, יענקעלע... אוי וועט מען שמייסען מיט אייזערנע ריטער... איך האָב אַזוי מורא... (יענקעלע ציטערט) ר' חאַצע ווידו...

חאַצע (מיט א טרויעריג קול): אידען, ר' ישעיהו וויל זאָגען ווידוי... זאָגט, ר' ישעיהו: אשמתי, בגדתי, לפניך. (דער קראַנקער זאָגט נאָך שטיל. אַלע שטעהען מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ. פרומע כליפּעט און יענקעלע רעוועט פערשטיקט. נחום שטעהט צוגעשפּאַרט דעם שטערען צום צוקאָפּענס פונ'ם קראַנקענס בעטעל, קלאַפּט זיך אין הארצען ביי יעדעס וואָרט, וואָס חאַצע זאָגט מיט'ן קראַנקען, און ציטערט אויף מיט די פּלייצעס. חייקע וויינט אונ'ם אַרבעל).

נאַטאַשאַ קומט אריין.

נאַטאַשאַ (מיט א שטיל קול צו הירשבער'ן, וועלכער געהט צו צו איהר): וואָס מאַכט חייקע?

הירשבער: ש־ש־ש... ער שטאַרבט...

נאַטאַשאַ: יענקעלע וויינט... באָזשע מאָי...

הירשבער: ער האָט צדיקס געהאַט פּאַכאָליוקעס מיט חייקען און איצט ווייגט ער נאָך זיין טאַטען...

נאַטאַשאַ (צושראָקען): פּאָמאָלוּקע? מיט וויינען?

(טהוט זיך אַ כאַפּ פֿאַר'ן קאָפּ און בלייבט שטעהן צוטומעלט).

חאַצע (זאָגענדיג די ווידו, טהוט זיך פלוצים אַ כאַפּ): ר' ישעיהו!... (טרייסעלט איהם) ר' ישעיהו!... מיט טרעהרען איג'ם קול שעפּצעט אַרויס) ברוך דיין אמת!...

פֿרומע (טהוט זיך אַ כאַפּ מיט אַ יאָמער): ישעיהו! געוואלד! (רייסט אַרונטער דעם ווייסען הייבעל פונ'ם קאָפּ און רייסט אויף זיך די האָר מיט אימה'דיגע קולות).

יענקעלע: טאַטענוי!... (פֿאַלט־צו מיט אַ רעגוען צום פֿאָטער).

אַלע: ברוך דיין אמת! (לאָזען אַרונטער די קעפּ).

נאַטאַשאַ (קיקט מיט גרויסע, צושראָקענע אויגען און צלמ'ט זיך טעכּאַניש).



# צווייטער אקט.

די ביהנע שטעלט פאָר דאָס פּישעריש׳ע שטיבעל פון דרויסען. א הויף וואָס פיהרט צו דער אָזערע. נאַטאַשאַ שטעהט אויפ׳ן הויף איבער אַ סאַמאָוואַר און בלאָזט פונאַנדער אין איהם דעם פייער מיט אַ כאָליעווע פון אַ שטיוועל. פּראָקאָפּ אין אַ ליזשעוענדיגען העמד און לאַפּטיעס, אָהן אַ היטעל, הובליעט עפּעס אויף אַ טיש, וואָס שטעהט אויפ׳ן הויף נעבען דאָס פענסטער פון דעם פּישערס-שטיבעל. עס איז נאָך גאַנץ פריה. די זון נעהמט אויף. אויף דער אָזערע פאַלען איהרע רויטע שטראַהלען. עס הערט זיך פון ווייטען און פון אַלע זייטען דאָס קרייהען פון העהנער און דאָס פרעהליכע טשיריקען פון פייגעלעך.

פּראָקאָפּ (הובלענדיג): הייסט עס, היינט איז ביי אונז אַ יאַריד אין׳ם דאָרף... הא, נאַטאַשאַ? (נאַטאַשאַ פערטראַכט הערט איהם ניט). נאַטאַשאַ, דו ביזט טויב געוואָרען? איך רעד דאָך צו דיר!...

נאַטאַשאַ (טהוט זיך אַ כאַפּ): וואָס, דיעדושקא? דו פרעגסט מיך עפּעס?...

פּראָקאָפּ: טאַ-טאַ, איך פרעג דיך עפּעס! עך, מיידעל, דו געפעלסט מיר ניט היינט. וואָס טראַכסטו? וועגען וואָס קאָן אַזאַ נאַריש מיידעל ווי דו טראַכטען?...

נאַטאַשאַ: איך טראַכט, דיעדושקא... פאַרוואָס זענען די מענשען, מענשען? פאַרוואָס זענען זיי ניט קיין פייגעלעך?... אָט זעה, דיעדושקאַ, ווי פריי די פייגעלעך זינגען אויף גאָטס וועלט-על און האָבען נישט מורא, און די מענשען? עך!... (ברעכט זיך אונטער און זיפצט).

פּראָקאָפּ: אָהאָ, וועגען וואָס דו טראַכסט, נאַטאַשאַ! כאַ כאַ כאַ! (צולאַכט זיך גוטמוטיג). טאַ-טאַ, ווען דער מענש איז אַ מענש, בעווייזט ז׳ס, אַז ער דאַרף ניט זיין קיין פויגעל... אי סלאַוואַ באָהו, עס איז גוט אַזוי, וואָס דער מענש איז ניט קיין פויגעל.. עך נאַטאַשקאַ, אַ פאַגאַנער פויגעל וואָלט דער מענש געווען, זעהר אַ פאַגאַנער, ערגער פון אַ יאַסטרעב, ערגער פון אַ

אָדלער... גאָט פֿויגעלעך וואָלטען דעמאָלט אַזוי פֿרעהלאך ניט געזונגען, ווען דער מענש וואָלט אויך געזוען צווישען זיי אָט דאָר-טען, אין דער לופֿטען, טאָ-טאָ!...

נ א ט א ש א (קוקט אַרוים אויף די אָזערע): די פֿישערס זעהט מען נאָך ניט. עס איז אחוי שפעט...

פ ר א ק א פ: זיי וועלען קומען. דו וועסט היינט עפּעס קויפען אויפ'ן יאַריד?

נ אַ ט אַ ש אַ: זלמן האָט צוגעזאָגט צו קויפֿען עפּעס אַ מתנה אויפ'ן יאַריד, און יענקעל אויך...

פ ר א ק א פ: גוט, גוט, נאַטאַשקאַ, טאָ-טאָ, מעגסט נע-מען ביי זיי מתנות. די בעדינענט זיי... זיי וואוינען אין אונזער שטיבעל. נור אָט וואָס, נאַטאַשקאַ, איך וועל דיר אָט וואָס זאָ-גען: נאַטאַשאַ, געדענק, אַז יענקעל און זלמן זענען יונגע בייקלאַך און דו ביזט אַ יונגע בהמה'לע... נעם פֿון זיי מתנות, בעצאָהל זיי אָבער פֿאַר דעם נור מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ ספּאַסיבאָ. דו ווייסט, אַז איך בין אַ סטראָגער מענש. טאָ-טאָ!...

נ אַ ט אַ ש אַ (מיט כעס, טהוט אַ שמיץ דעם שטיוועל פֿונ'ם סאַמאָוואַר): דיעדושקאַ! וואָס רעדסטו היינט פֿאַר אַ נאַ-רישקייטען?

פ ר א ק א פ: בעסער זאָל דיין אַלטער זיידע ריידען נאַ-רישקייטען, ווי דו, ציפּליאָניקעל מיינס, זאָלסט טהון נאַרישקיי-טען...

נ אַ ט אַ ש אַ (אויפגערעגט): איך דאַרף ניט קיין מתנות! אויף וואָס פֿאַר אַ פֿייער דאַרף איך זיי? וואָס רעדסטו, דיעדושקאַ? נאַ! (נעמט אַרויס פֿון אונטער'ן בוזים אַ טיכעל, וויקעלט פֿונאַנדער און כאַפּט אַרויס אַ מטבע) נאַ, אָט דעם פֿערטעלע אויך, וואָס דער בעל הבית האָט מיר נעכטען געשענקט, אבי רעד ניט אַזוי, דיע-דושקאַ! (לויפט אַריין אין שטוב און פֿערשווינדעט).

פ ר א ק א פ (טרייט איהר נאָך): נאַטאַשאַ! (קוקט איהר נאָך און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) טאָ-טאָ, וואָס איז היינט מיט נאַ-טאַשאַן? (פֿערהילכערט אַ דיהלקע) זי איז בייז? פֿאַרוואָס? פֿאַר אַ גוט וואָרט? נידאַ, טאָ-טאָ, — (נעמט די בריעט אויפ'ן אַקסעל) אַטאַשאַ איך געה אויפֿ'ן פֿעלד! (אָב).

פונס שטיבעל דערהערט זיך, ווי נאַטאַשאַ זינגט אַ דראָמיש ליעד, פול בענקעניש. דאַן קומט זי אַרוים פונ'ם שטיבעל זינגענדיג, ביידע הענד הינטער'ן נאַקען פערלעגט. לאָזט זיך אַרונטער אויף דר'ערד, זינגט און טרערען פיהלט זיך אין איהר קול. דאַן דרעהט זי זיך צונויף מיט איהר פנים אין שויס, הער־אויף צו זינגען, צוויינט זיך שטיל און ציטערט אויף מיט די אַקסלען. פון אַרום — דאָס סוויששערן פון פינגעלעך. פלוצים דערהערט זיך פון דער אַזערע דאָס זינגען פון די אָנגעקומענע פישער. זי שפּרינגט אויף. יענקעל!... לויפט צו צום סאַמאָוואַר, בלאָזט איהם. דער גאַנצער פנים איהרער הויבט־אָן צו שטראַהלען מיט פרייד און ליעבע, דאן טהוט זי זיך א וואָרף איוף פאָר־אוים, מאַכט מיט ביידע הענד און שרייט: האָ־הו, יענקעל! האָ־הו... זי שטעהט און מאַכט מיט ביידע הענד.

י ע נ ק ע ל אין רימענעם פאַרטוך, מיט רימענע הענדש־קעס. ער לויפט־צו צו נאַטאַשאַן, וויל זי א כאפ טהון. זי דרעהט זיך אַרוים פון זיינע הענד און לויפט איבער'ן הויף מיט אַ פרעהליכען געלעכטער. ער יאָגט איהר. ער כאַפּט זי.

נ אַ ט אַ ש אַ : יענקעל, לאָז — מיט דיינע נאַסע הענדש־קעס!

י ע נ ק ע ל (לאַכט): הו־הו. (וואַרפט אַרונטער די הענדש־קעס און נעמט זי אָן מיט זיינע רויטע הענד) אזשוי ווילשטו, נאַ־טאַשאַ, צי אַזשוי? (דריקט זי ביי דער טאַליע) עך, וויעדמא דו, די וועלף זשאָלען דיך פרעשען, אַזאַ וויעדמא!... (זי לאַכט).

ה י ר ש ב ע ר. ח א צ ע. ז ל מ ן. הירש בער קוקט אויף זיי גוטמוטיג, זלמן מיט כעס, חאצע שאָקעלט בעדוירענד מיט'ן דעסקאָפּ.

ה י ר ש ב ע ר (גוטמוטיג): אוי, אוי, נאַטאַשאַ, אויפ'ן ניכטערען מאָגען און שוין פאַבריקעוועסטו מיט אַ בייקעל... עך טראַסטצע! (טהוט זיך פונאַנדער און הענגט אויף זיין קאַפטען מיט'ן פאַרטוך אויף דער טיר פונ'ם שטוב).

ז ל מ ן: (מיט כעס): דער סאַמאָוואַר איז נאָך ניט פאַרטיג. אַלץ איבער דעם בייליע... ער לאָזט איהר ניט מאַכען דעם סאַמאָ־וואַר, אַ כוואַרעבע איהם אין די ביינער! (נאַטאַשא נעמט דעם סאַמאָוואר און גיי אין שטוב).

**יענקעל**: זלמן, איך דיר געזשאָזט, דו זשאָלשט ניט בילען ווי אַ הונד. זשעה, זלמן, זשעה, ווען איכ'ל זשעך אַ נעם טהון צשו דיינע ביינער, דו'שט ביי מיר סקאַוואוטשען ווי אַ הונד...

**זלמן**: כטראַשע ניט, איך קען אויך צובוכצען די מאָרדע!

(אָב אין שטוב).

**יענקעל**: די וועלף זשאָלען איהם ברעשען! (טהוט זיך פֿינאַנדער).

**חאַצע** (איבגעטהון זיך): אוי וועה איז מיר, און אויף דעם דאַוונען פֿערגעסט מען. יענקעלע, עס איז דאָך ערשט צוויי חדשים זייט דיין טאַטע, עליו השלום, איז געשטאָרבען. לא די, וואָס דו קענסט ניט זאָגען נאָך איהם קיין קדיש, ווי נור שבת, שפיעלסטו זיך נאָך מיט אַ שיקסע פֿאַר'ן דאַוונען! אוי, יענקעלע, געדענקסט זיינע ווערטער פֿאַר'ן שטאַרבען? „יענקעלע זיי אַ איד, אוי וועט מען שמייסען מיט אייזערנע ריטער"... און מען שמייסט איהם דאָרטען, יענקעלע, אוי ווי מען קאַטעוועט איהם נעבעך!... און דיר וועט ער אויך ניט שווייגען, יענקעלע. היט זיך! מיט טויטע שפיעלט מען זיך ניט, איך מיין עפּעס!...

(העגנט זיין פֿאַרטוך אויף דער טיר).

**יענקעל** (צושראָקען): פֿאַרוואָס וועט דער טאַטע מיר ניט שווייגען?... איך זשאַלעווע איהם עפּעס קדיש זשאָגען: איך דאָש זשאָג שבת, ווען עך איזש דאָ אַ מנין!... אָט ער רעדט!... וואָיי שרעקט איהר מיך, ר' חאַצע? פֿאַרוואָש וועט דער טאַטע מיר ניט שווייגען?... עך, די וועלף זשאָלען דיך פֿרעשען! וואו איזש מיין שידער?... איך געה דאַוונען!... (אָב אין שטוב).

**ירש בער** (זעצט זיך ביים טיש און שלעפּט אַרויס פֿון אַ כאָליאַוע אַ פֿלעשעל שנאַפּס, נון דער צווייטער אַ גלעזעלע): אַ כבוד אַז יענקעל האָט מעהר נורא פֿאַר זיין טאַטען אין דר'ערד ווי פֿאַר אונז אַלע אויף דר'ערד, עך דורני!... (טרינקט אויס אין איין אָטעם) קעלמער, דו מוזט דאָך וויסען, קריגט מען דאָרטען, אויף דעם עולם האמת, אַזאַ ביסעלע גוטען ספּירט?...

**חאַצע** (זיפֿצט): איך מיין עפּעס! מען וועט איך שוין דערזינגען דאָרטען ספּירט, אַז דער אָטעם וועט אייך פֿאַר-

געהן... מיט אייזערנע ריטער... פֿע, ר׳ הירש בער, איהר זייט אַן אַלטערער איד, עס איז אַצונד פֿאַר ימים נוראים... מען ווערט שרייבען און חתמ׳ענען... איהר וואָלט כאָטש געטרונקען נאָכ׳ן דאַווענען...

הירש בער: דו ביזט טאַקע געראָטען, חאַצע, אָבער דאַווענען וויל איך מיט התלהבות און התלהבות קאָן איך נור קריגען, ווען איך טרינק אויס אַ פֿריהער דעם כוס... (יענקעל שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכ׳ן פענסטער און דאַווענט פֿון אַ גראָבען סידור) דו זעהסט? נור יענקעל קאָן דאַווענען מיט התלהבות אַזוי. יעדעס וואָרט, וואָס קייקעלט זיך אַרויס פֿון זיין מויל, קאָן עפֿענען דיין נאַריש׳ען מוח!...

יענקעל (דאַווענט): וכולם פותחים עט פיהעם בעקאַדוישא ובאטארא...

חאַצע (פֿאַרשטאָפּט זיך די אויערען): אוי, אוי, אַ תל מאַלט ער פֿונ׳ם דאַווענען!... „בעקאַדושא"... אוי, האַלץ האַקט ער!... יענקעל, בקדושה, וועה איז מיר! ובטהרה, איך מיין עפּעס!... (זלמן געהט אַרויס פֿון שטוב).

יענקעל (דאַווענט): ומברוקים ומשאַפּקים... מאַראַטשעט ניט, ר׳ חאַצע, איך זשאָג, ווי אין שידער שטעהט!... (פֿאַרשווינדט פֿונ׳ם פענסטער).

חאַצע: נו, נו, וועה איז מיר! און מען מוז שווייגען!... איכ׳ל כאָטש געהן דאַווענען, איך מיין עפּעס... (אָב אין שטוב).

זלמן: ר׳ הירש בער, גיט אַ גלעזעלע...

הירש בער: האָסט שוין געדאַווענט?...

זלמן: נאָך ניט.

הירש בער: קריגסטו ביי מיר אַ כוואַראָבע און ניט קיין בראָנפֿען. אַ איד טאָר ניט טרינקען פֿאַר׳ן דאַווענען, זאָגט חאַצע...

זלמן: ר׳ הירש בער, נור אַ קאַפּעטשקע... ביי מיר עפּעס אָט דאָ... עפּעס... געמוזט מיר עפּעס פֿאַרשווענקען צו וואָס?... (רייבט זיך דעם בויך).

הירש בער: אין שטוב איז דאָ ריצענאייל... דאָס, זאָגט חאַצע, מעג אַ איד נעהמען פֿאַר׳ן דאַווענען אויך... (הייבט

זיך אויף). קום דאַווענען, תנא ברא מיינער! (אָב מיט איהם אין שטוב).

עס דערהערט זיך אַ פאָהרען פֿון אַ וואָגען און נחומ'ס קול: טפּררו... נחום און הייקע קומען פֿון גאַס. נחום האַלט אַ בײַטש אין האַנד און פאָכעט מיט איהר אין דער לופטען. הייקע אין אַ נייעם מלבוש.

נחום (קוקט זיך אום צו דער גאַס): טפּררו, וואַסיוטקאַ! טפּררו, קראַסאַוויטשיק! זעה נאָר, חייקעלע, זעה אונזער וואַ־סיוטקאַ, אַ פויגעל, אַ געזונד איהם אין האַרצען אַריין, היל נאָר פליהען אַהיים, פרימעריטשע. טפּרו, וואַסיוטקאַ! טפּררו, זאָלסטו מיר מוחל זיין! (עס דערהערט זיך ווידער אַ פאָהרען פון אַ וואָגען). טפּררו, אַ בראַנד דיר אין די קישקעס אַריין! (לויפט אַוועק אין די ריכטונג פון וואַגען דאָס פאָהרען פון'ם וואָגען האָט זיך געהערט).

נאַטאַשאַ קומט ארויס מיט'ן סאַמאָוואַר, בעמערקט ניט הייקען און שטעלט איהם אויפ'ן טיש.

הייקע: נאַטאַשאַ, אַ, נאַטאַשאַ, מיין יענקעל איז דאָ?

נאַטאַשאַ (טהוט א ציטער, דערזעהן זי, טהוט זי א שפּריי) דו ביזט דאָ?

הייקע: מיין יענקעל איז דאָ?

נאַטאַשאַ: דיין יענקעל, האַ? איהר יענקעל! (ביז אין לאַכט בייסענד) ס'אַרע כאַריא דו האָסט, האַ? און דיין יענ־קעל! טפו, זאַראַזאַ! געה צום אָזערע און וואַש אָפּ אַפריהער דיין רילאָ, די באַסקודנע... איהר יענקעל! טפו, זאָל זי קראַפּירען!...

הייקע (ווישט זיך מיט ביידע הענד דעם פנים): דער פנים איז ביי מיר איינגעריכס, נאַטאַשאַ?

נאַטאַשאַ: דער פנים, האַ? דו האָסט ניט קיין פנים, דו האָסט אַ רילאָ, אַ פאַסקודנע כאַריא. אָט וואָס! (ווישט מיט כעס דעם טיש).

הייקע: נאַטאַשאַ, וואָס זידעלסטו זיך? איך האָב דיר עפּעס געטהון?

נאַטאַשאַ: ניטאָ יענקעל, ניטאָ! געה! (חייקע קוקט צוטומלט) און יענקעל האָט געזאָגט, אַז דו ביזט אַ זאַראַזאַ און

ניט קיין מיידעל, אַז דו זאָלסט זדאָכניען, אָט וואָס ער האָט געזאָגט !... (יענקעל לויפט אַרויס פון שטוב).

י ע נ ק ע ל: (פרעהליך) נאַטאַשאַ ! (דערזעהן חייקען, בלייבט ער שטעהן, קראַצט זיך דעם קאָפּ און רעדט אַרויס פאַר זיך) די וועלף זשאַלען זשי פרעשען !...

ח יי ק ע : יענקעלע, אַ יענקעלע ! נואָס וויל די שיקסע פון מיינע יאָהרען ?...

נ אַ ט אַ ש אַ : דיין כלה, יענקעל !... קוק זי אָן ! כאַ-כאַ-כאַ ! נעם זי צו דער אָזערא, וואַש איהר אָב די רילאָ ! טפו. קראַפּירען זאָלט איהר בּיידע, ווען זי איז דיין כלה !... (אָב מיט כעס אין שטוב).

ח יי ק ע : וואָס זאָגסטו צו דער שיקסע ? איהר שטעהט ניט אָן דער שידוך מיט מיר... וואָס זאָגט מען צו איהר ?

י ע נ ק ע ל (קראַצט זיך דעם קאָפּ): דו וואָלסט אויך אַנ׳ עמעש אָבגעוואַשען דיין רילאָ, זשאָל ניט זשיין אַזשוי פּאַסקודנע וואָס קוקשטו אַזשוי? קוק ניט, איך האָב פיינט, אַז די קוקשט!...

ח יי ק ע (נאַאיוו) : ווי קוק איך ? וואָס בּינדסטו זיך צו מיר, בּוילע ? בּאַלד וועסטו זאָגען, אַז דו האָסט פיינד, וואָס איך לעב...

י ע נ ק ע ל (מיט כעס) : עמעש ! עמעש ! איך האָב פיינד, וואָש דו לעבשט, עמעש !... וואָש ביזשטו געקומען ?

ח יי ק ע : איך בּין געקומען מיט׳ן טאַטען אויפ׳ן יאַריד העלפען דיין מאַמען אין קרעטשמע. דו זאָלסט אויך קומען העלפען...

י ע נ ק ע ל : גוט ! איכ׳ל קומען. געה !

ח יי ק ע : איך וועל דאָ וואַרטען אויפ׳ן טאַטען, ער איז אַוועק נאָכ׳ן פערד ! אוי, יענקעלע, איז אונזער וואַסיוטקאַ אַ בראַנד, פליהט ווי אַ רוח !...

י ע נ ק ע ל : זשאָלען די וועלף פרעשען וואַסיוטקאַן!

ח יי ק ע : וואָס רעדסטו ? וואָס האָסטו צום פערד, בוילע דו ?...

יענקעל: נו, ווילשט ניט וואַסיוטקאַן? זשאָלען זשיי דיך פּרעשען!...

חייקע (מיט כעס): זאָלען זיי דיך פּרעסען פֿאַר אונז ביידען! בוילע דו, וואָס האָסטו צום פֿערד און וואָס האָסטו צו מיר?

יענקעל: געה, געה אין קרעטשמע, מאַראָטשע ניט.

חייקע (מישט איבער): „געה, געה אין קרעטשמע, מאַראָטשע ניט"! און איז נאָך אַ חתן, אַזאַ בוילע! (ווייזט איהר ניי קלייד. מיט אַ ווייך קול): יענקעלע, אַ יענקעלע, דו זעהסט? אַ נייע פּלאַטיע!...

יענקעל (קראַצט זיך דעם קאָפּ און קוקט אויף דאָס קלייד): גערה, געה אין קרעטשמע, מאַראָטשע ניט... נו דו בישט אַ קראַסאַ, וויצע, אַ ליאַלקע! געה, געה!...

חייקע (צו־חיינט זיך): פֿאַרוואָס טרייבסטו מיך? וואָס האָסטו צו מיר? גאָר־נישט געפֿעלט איהם ניט... פֿאַרוואָס נעמסטו מיר דאָס לעבען? אַ קרענק דיר אין די ביינער!...

נחום, מיט דער ביטש אין האַנד, קוקט הינטערהיילעכטס, קומט פֿון לינקס.

נחום: האַלט דאָרט דעם אָדלער, ער זאָל ניט אַוועק! אַהאַ, יענקעלע! אַ גאָט־העלף דיר, טאַטקעלע! (בעמערקט אַז חייקע וויינט) וואָס איז דאָס? וואָס וויינט זי, פּרימעריטשע?...

חייקע (כּליפּעט): ער האָט מיך אָבידעט, דער בוילע... ער קען מיך ניט טערפּען... ער האָט מיך פֿיינד!...

נחום: שאַ, שאַ, שווייג, קלאָג ניט! ער האָט דיך ניט האָלד, פּרימעריטשע? נו, ער איז גערעכט. אַ כּלה דאַרף מען ניט האָלד האָבען. האָלד האָבען דאַרף מען אַ ווייב און ניט קיין כּלה, און טענה ניט! (חייקע וויינט העכער). נו שאַ, וואו איז די ביטש? (חייקע לויפֿט אַב אָן אַ זייט צושראָקען). יענקעלע פֿאַרוואָס האָסטו זי אָבידעט?...

יענקעל: וואָש אָבידעט? איך איהר געזשאָגט, אַזש איכ'ל קומען אין קרעטשמע העלפֿען און באַסטא!...

נחום: היינט וואָס הזכּטו זיך צוקלאָגט, פֿערד, אַ רוח אין דיין טאַטען אַריין?...

חײקע: איך האָב איהם אויך פֿײנד... אַט דוקא. אויף צו־להכעיס, װעל איך איהם פֿײנד האָבּען... װי ער איז צו מיר, אַזױ װעל איך צו איהם זײן...

נחום: שאַ! אװאו איז די בּײטש? (זי טרעט אָב װײטער. ער נעמט אָן יענקעלען בּײם אָרעם). יענקעלע, איך װעל דיר דער־צעהלען אַ סוד. איך קום ערשט פֿון דײן מאַמען... װײסטו, װאָס עס איז געװען בּײ איהר די נאַכט, פֿרימערישטשע?

יענקעל: װער?

נחום: דײן טאַטע! (יענקעל שפּרינגט אָב צוּשראָקען). יאָ, דײן טאַטע... ער איז געקומען פֿרימערישטשע, צו חלום, זאָלסטו מיר מוחל זײן. אוי, זעהט ער אױס, יענקעלע, שװאַרץ װי די ערד, זאָגט דײן מאַמע, אין װײסע תּכריכים, מיט שטרעבּלעך אויף די אויגען, און ער װײנט פֿאַר איהר און קלאָגט: פֿרומע־סערדצע, מען שמײסט מיך, מען גיט מיר קײן רוהע ניט, פֿרימערישטשע. (יענ־קעל ציטערט מיט׳ן גאַנצען קערפּער). יענקעל איז ניט פֿרום. זעה ער ער זאָל זײן אַ איד, און טענה ניט...

יענקעל (פּאַפּאַט שטילער): װאָס רעדט איהר, פֿעטער נחום? אַזשוי האָט דער טאַטע געזשאָגט? אָבער איך דאַך דאַװען... פֿון שידור איך דאָך דאַװען אַלע טאָג... איך דאָך זשאָג קדיש שבת... װאָס נאָך זשאָל איך טהון דעם טאַטען? װאָס נאָך? (זעצט זיך בּײם טיש און שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ) עך, באָזשע מאָי! באָזשע מאָי!...

נחום: זאָג אַמאָל אַ קאַפּיטעל תהילים, פֿרימערישטשע, װאָס װײס איך? מסתּמא האָט ער דאָרטען געבּראָטענע צרות, װען ער קומט זיך קלאָגען פֿאַר דײן מאַמען, זאָלסטו מיר מוחל זײן, און טענה ניט.

חײקע (מיט נצחון אין׳ם קול): דאָס איז דערפֿאַר, װײל ער האָלובּעט זיך מיט שיקסעס, שמײסט מען דאָרטען דעם פֿאָ־טער ישעיהו׳ן... (געזאָגט עס, לױפֿט זי אָב אָן אַ זײט מיט אויגען, פֿול נצחון.)

יענקעל (שפּרינגט־אויף פֿון׳ם אָרט װי אַן אָבּגעבּריהטער און אָטעמט שװער): דו נאָך? דו בּנאָך? זאַראַזאַ דו, װאָס װילסטו נאָך?!

הירש בער (ווייסט זיך אינ'ם אָפּנעמען פֿענסטער פֿונ'ם שטיבל): אַהאַ, הגאון ר' נחום'צע איז דאָ מיט זיין יפֿת תואר. וואָס גוטס, נחום?...

נחום: אַ גאָט העלף איך, ר' הירש בער. וועט איהר היינט זיין אויפֿ'ן יאַריד?

הירש בער: ווען דו האָסט דאָרט אָנגעגרייט פֿון דעם אמת'דיגען, וועל איך קומען.

נחום: קומט סאַקע, ר' הירש בער, ביי אונז וועט דיין שישו ושמחו, אַ קנאַק נאָך אַ קנאַק, זאָלט איהר מוחל זיין, און טענה ניט. נו, יענקעל, דו געהסט מיט אונז?

יענקעל (גיט זיך אַ כאַפּ): האַ? איכ'ל קומען מיט די פֿיי־שער.

נחום: נו, חייקעלע, מאַרש אויפֿ'ן וואָגען. ניטאָ קיין צייט! ר' הירש בער, פֿערגעסט־זשע נים! (וושעט מיט'ן בייטש און אָב).

חייקע: אַ בראַנד איהם אין די קישקעס! (אָב נאָכ'ן טאַטען. באַלד הערט מען ווי דער וואָגען פֿאָהרט אָב).

נאַטאַשאַ לויפֿט אַרוים פֿון שטוב.

נאַטאַשאַ (צוגעלאָפֿען צו יענקלען מיט אַ פנים פֿלאַם פֿייער): נו, צוועק דיין קראַסאַוויצאַ? (נעמט זיך מיט ביידע הענד פֿאַר די זייטען) אַ כלה דיינע, כאַ־כאַ־כאַ! אַ כלה!... (לאַכט צורייצט איהם אין פנים אַריין).

יענקעל (שטיל און אויפֿגעדעגט): נאַטאַשאַ. ניט גוט...

נאַטאַשאַ: וואָס ניט גוט, אַזאַ כלה? וואַש אָב איהר פּאַגאַנע רילאָ, וועט זי זיין גוט... כאַ־כאַ־כאַ!...

יענקעל: ניט גוט, נאַטאַשאַ. דער טאַטע...

נאַטאַשאַ: וואָס דער טאַטע?

יענקעל: איך קען זיך ניט גוט מאָליען, נאַסאַשאַ, אָט וואָש! (טהוט אַ קלאַפּ אין טיש) עדי! ווען איך וואָלט געקענט זיך גוט מאָליען, עך די וואָלף זשאָלען מיך פֿרעסען. (זעצט זיך ביים טיש אין לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ. פֿונ'ם דאָרף הערט זיך אַ שפּיעלען פֿון אַ האַרמאָניקע און אַ געזאַנג).

הירש בער קומט אַרויס. פון דער קעשענע שטעקט ביי איהם אַרויס אַ פּלעשעלע מיט שנאַפּס.

הירש בער: נאַטאַשאַ, אַ גלאָז טהיי. מען דאַרף געהן זעהן, וואָס טהוט זיך אויפ'ן יאַריד...

נאַטאַשאַ: אָט באַלד, ריש-בער... (ווינקט צו יענקלען. ער בעמערקט ניט. טהוט זי אַ שפּיי) טפו, מוטשיטעל דו מיינער! (אָב אין שטוב).

הירש בער: וואָס האָסטו זיך דאָרט פערטראַכט, יענקעלע?

יענקעל (צוטראָגען): ר' הירש בער, ניט גוט...

הירש בער: וואָס ניט גוט?

יענקעל: דער פעטער נחום זשאָגט, אַז די נאַכט איז דער טאַטע געקומען צו דער מאַמען...

הירש בער: וואָס? דיין טאַטע איז געקומען צו דיין מאַמען? די נאַכט? נו, מסתמא איז דאָרטען, אויף יענער וועלט, אַ דוחק אויף ווייבער... אוי, אוי, ס'ארע בעל-עבירה'ניק דיין טאַטע איז! אַזאַ קורצע צייט און שוין רופט איהם דאָס ווייב...

יענקעל: ער האָט זשעך געזשאַלעוועט, אַז איך בין ניט פרום...

הירש בער: נו, אין דעם, זעהסטו, איז ער טאַקע גע-רעכט: פאַרוואָס זאָלסטו, בוילע, טאַקע ניט לערנען אַ פּרק משניות צי אַ בלאַט גמרא, אַ כוואַראָבע דיר אינ'ם הערצעלע?

יענקעל (טשעפּעט זיך): עך, באָזשע מוי, באָזשע מאָי, איך ווער משוגע!... וואָס טהו איך?

הירש בער: טהו אַ גוטען שמעק טאַבאַק... זעץ זיך אַוועק, ווילדער דו. ערעקסט זיך פאַר געלע נאַרישקייטען. דיין מאַמען האָט זיך גע'חלומ'ט דיין טאַטע, ווייל זי טראַכט מסתמא אַ סך וועגען איהם. מיר חלומ'ט זיך אויך אַסך מאָל מיין טאַבאַ-קערקע, מיינסטו, אַז די טאַבאַקערקע קומט מיר צו חלום? עך אַ כוואראָבע!...

יענקעל: איזש נעש ניט עמעס, ר' הירש בער?

הירש בער: עס איז אַזוי אמת ווי ציבל, ווי דיין טאַטע

איז דאָרטען א קצב, געה ברענג מיר מיין טאַבאַקערקע, איך האָב זי פערגעסען אין שטוב...

יענקעל (קראַצט זיך פֿרעהליך דעם קאָפּ): דאָס איז טאַקע ניט עמעס. פֿאַרוואָס זשעך דער טאַטע אויף מיר זשאַלען ווען? איך דאָך דאַווען פֿונ'ם שידור!... עך, בייקעס, די וועלף זשאַלען עס פֿרעשען!... (אַב אין שטוב. און גלייך דערהערט זיך פֿון דאָרט זיין קול: „זלמן, לאָז נאַטאַשאַ'ן דעם טהיי דערלאַנגען!" דאַן זלמנ'ס געשריי און נאַטאַשאַ'ס געלעכטער).

זלמן קומט ארויס פֿונ'ם שטוב, האלטענדיג זיך פֿאַר א זייט.

זלמן: אוי, די לונגען האָט ער מיר שיער ניט אָפּגערי-סען. ר' הירש בער, ער האָט מיך שיער ניט דער'הרג'עט, דער בוילע!...

הירש בער: אַ כפּרה פֿאַר אַ גוטען אידען.

זלמן: ער וועט זיך שמד'ען, דער בוילע, איהר וועט זעהן.

הירש בער: נו, וועט מיט איין למדן בלייבען וויי-ניגער ביי אידען...

זלמן: גאָרנישט, מען טאָר זיך גאָרניט אָנריהרען אָן דער שיקסע...

הירש בער: וואָס דאַרפֿסטו זיך אָן איהר אָנריהרען? דו ביזט דאָך אַ פֿרומער בחור'ל, נאַטאַשאַ איז ניט קיין מזוזה...

זלמן: אוי, ר' הירש בער, איהר זולט אויך אַמאָל אייער טאַבאַקערקע ביי איהר אינ'ם בוזים, נישקשה...

הירש בער: זוך איך דאָך ביי איהר עפּעס? וואָס זולסטו, אַ טראַסצע דיר אינ'ם האַרצען? (יענקעל קומט אַרויס מיט דער טאַבאַקערקע).

יענקעל: טהו זיך אָן ווי אַ פּאַניענקע, נאַטאַשאַ! (דער-לאַנגט הירש-בער'ן די טאַבאַקערקע און ווענדעט זיך דערנאָך צו זלמן) גוט, הא? געקריגען פֿון מיר? ווילשט נאָך איינעם, הא? (טהוט איהם אַ כאַפּ פֿאַר א האנד).

זלמן: אוי, יענקעל, לאָז זיין, זאָל איך אזוי לעבען, ווי איך האָב דיך ליעב, לאָז זיין!...

הירש בער: וועט איהר זיך אויפהערען צו שלאָגען פֿאָר

דער שיקסע, אַ מהומה אויף אייך ביידען!...

יענקעל: נו, זלמן, דו'סט ניט זשיין קיין הונד, האַ? דו'סט זשעך ניט טשעפּען, האַ? געדענק, זלמן! (לאָזט איהם אָב).

זלמן (קלאַפּט איהם איבער'ן אקסעל): געזונד, ווי אַ בער... אוי, ווען איך וואָלט געהאַט דיין כח!... אָבער אַזוי... יענקעלע, לו מיר זענען גוטע פריינד. היינט אויפ'ן יאַריד טאַנצען מיר העי' האָפּ!... (נעמט איהם ארום און זינגט) „וועליק דיען אידעט, קראַסני יאַיצאַ נעסעט, נעסעט, קראַסני יאַיצאַ נעסעט!...“

יענקעל: אָט אַזוי בישטו אַ מאַלאַדעץ, זלמן, און איך האָב דיך אויך ליעב. נאַטאַשאַ, איכ'ל אויף דיר וואַרטען אין קרעטשמע, איכ'ל זשיך געהן אָנטהון ווי אַ פּאַניטש. (דער געזאַנג פונ'ם דאָרף הערט זיך). נאַטאַשאַ, מען טאַנצט שוין! (אָב).

זלמן: ר' הירש בער, ווען איהר מיך היינט מכבד זיין אויפ'ן יאַריד?

הירש בער: איך האָב דיך געדאַרפט מכבד זיין; איך האָב אָבער קיין כח ניט.

נאַטאַשא לויפט ארוים פונ'ם שטאַב אין א רויטען, קוטאַטשען קלייד מיט לענטעס און קאראַלען.

נאַטאַשאַ: ריש=בער, געהסט?

הירש בער: זעה נור, נאטאשא, ווי דו האָסט זיך אויס־געפּוצט! א רויט קלייד, לענטיעס... ועסטו מיט מיר טאַנצען?

נאַטאַשאַ: וועסטו מיר קויפען אַ מתנה?

הירש בער: געוויס. אַ גוטען שמעק טאַבאַק, וואו אין מיין טאַבאַקערקע? (וויל זוכען ביי איהר אין בוזים).

נאַטאַשא (שטופּט איהם אָב אין לאַכט): פערברענט זאָלסטו ווערען, ריש בער! (לויפט אַוועק).

הירש בער: האַצע, גענוג זיך דאַרטען דיר צוקיוע טשען. קום, מיר וועלען א קוק טהון דעם יאַריד...

חאַנע (זיין קול פונ'ם שטיבעל מיט התלהבות): לעולם יהא אדם ירא שמים, האַי־האַי־האַי! (הייזט זיך ביים פענסטער, איינגעוויקעלט דעם קאָפּ אין אַ טלית, און אונטערשפּרינגענדיג מיט דער גרעסטער התלהבות) ומודה אל האמת ודובר אמת בלבבו... האַי! —

האַי! — האַי. ויִשכּם ויאמר: האַי-האַי-האַי!... (פֿערשווינדט
כּוּנ׳ם פֿענסטער).

הירש בער (אַרויסגענומען די פּושקע טאַבאַק): די
ערשטע זלמן, ווי ער דאַווענט עס? עך, טראַסטע, זאַזש עס ווערט
סומנע אויפֿ׳ן האַרצען! (טהוט אַ שמעק טאַבאַק). איך קען אַזוי ניט
דאַוונען. איך דאַווען פֿון אַ חסידישען סידור, ער פֿון אַ מתנגד׳ישען,
איינער דאַווענט אַזוי, דער צווייטער אַזוי און ווער ווייסט, ווי מען
דאַרף אויף אַנ׳אמת דאַוונען?... נאָך אַלעמען, וואָס ווייסט, דאָס
נאַריש מענשעל? אפשר איז גאָר דער גלח אַרסעני גערעכט. אַז
ער צוטענה׳ט זיך מיט מיר, בשעת ער טרינקט מיט מיר אויס:
טרין-טראַוואַ, הירש בער, אַלסדינג איז טרין-טראַוואַ. דער מענש
איז אַ מענש כל זמן ער לעבט, צי אַ ראַבי, צי אַ פּאָפּ, צי אַ טערק, צי
אַנ׳אַנדער טשאָרט... כל זמן ער לעבט, איז ער. מענש, שטאַרבט
ער אָבער, איז ער ניט מעהר ווי פּאַדלע...

זלמן: נו, און יענע וועלט?

הירש בער: יענע וועלט? ער גלויבט ניט. ער איז
אַנ׳אַפּיקורס, דער גלח אַרסעני... ער דערצעהלט מיר אַ מעשה
וועגען דעם דיאַקאָן אַרכיפּ... געווען אַ גרויסער שיכור... פֿאַר אַ גלעז-
זעלע שנאַפּס וואָלט ער געגאַנגען אויפֿ׳ן עק וועלט... בעת דער
דאָזיגער אַרכיפּ איז געשטאָרבען, מאַכט צו איהם דער גלח אַרסעני:
ברודער אַרכיפּ, איך בעט דיך, דו זאָלסט קומען צו מיר פֿון יענער
וועלט צו גאַסט. איך וועל דיך מכבד זיין מיט אַזאַ ביסעלע משקה,
וואָס צייט דו האָסט געלעבט האָסטו נאָך ניט געטרונקען... און
אַרכיפּ איז ניט געקומען!... וואָס איז דערפֿון געדרונגען? זאָל
מען זאָגען, אַז וואָס? אַז אַרכיפּ איז אַ גוי׳שער קאָפּ און האָט
פֿערגעסען? פֿרעג זיך: סטייטש לעבעדיגערהייט וואָלט ער
דאָך ניט פֿערגעסען?... אלא-וואָס-דען? ער איז ניט געקומען,
ווייל ער קען ניט געהן און ניט שטעהן, ווייל ער מוז דאָרטען ליגען
און פֿוילען, איז דאָך טאַקע דער גלח ארסעני גערעכט, אַז סוף מענש
איז פּאַדלע... (זלמן האָט זיך זעהווילע צו גע׳גנב׳עט צו הירש בער׳ן
און צרויסגענומען ביי איהם דאָס פֿלעשער שנאַפּס פֿון קעשענע, האָט זיך
נעשטעלט צו איהם מיט׳ן רוקען אין טרינקט).

ה אָ צ ע (שפּרינגט צו צום פֿענסטער): האַי־האַי־האַי! אבינו שבשמים חי וקים! האַי־האַי־האַי! עשה עמנו צדקה וחסד... בעבור שמך הגדול... (פֿערשווינדט).

ה י ר ש ב ע ר: זאָגט אָבּער האַצע, אַז כוף גוי איז כּדי׳ע און סוף איד זענען מלקות! ווער קען זאָגען, וואָס דאָרטען אַאיז? ען, וואָס מאַכט עס אויס? וואָס מיט כל ישראל, זאָל זיין מיט הירש בער׳ן. דערויייל דאַרף מען געהן אין קרעטשמע און פֿער־זוכען דעם אמת׳דיגען עולם הזה! (הייבּט זיך אויף און טאַפּט אין קעשענע, כאַפּט זיך, אַז דאָס פלעשעל איז ניטאָ און דערזעהט עס ביי זלמנ׳ען אין די הענד). אוי, אַ טראָסצע דיר אין האַרצען, זלמן!

ז ל מ ן: איך וועל א ייך קויפֿען אנדערע. (לויפֿט אַוועק. הירש בער נאָך איהם).

די ביהנע בלייבּט אַ ווײַלע אליין. פֿונ׳ם דאָרף הערט זיך איצט דער געזאַנג שטאַרקער און ברענגע גדיגער. אַ האַרמאָניק קוויטשעט או אַ פֿידעל ריפּעט אַנ׳אייטאָניג דאָרפֿיש מאָטיוו. עס קומען אויפֿ׳ן הויף זלמן מיט נ אַ ט אַ ש אַ ן. ער איז שיכּור׳לעך און האַלט זי ביים אַרבּעל. נאָך זיי דאָרפֿישע שיקסעס און כלאָפּעס, אָנגעטהון יום־טוב׳דיג.

ז ל מ ן (שיכּור׳לעך): אָט דאָ וועלען מיר טאַנצען נאַטאַשאַ. שפּיעלט די וועלף זאָלען אייך לופּען! (זינגט טאַנצט מיט נאַטאַשאַ׳ן, שטעלט זיך אָב) נו געַנוג, נאַטאַשאַ! (כאַפּט זי אָן פֿאַר׳ן אַקסעל) ווילסטו איצט דעם רינג? (טהוט א שמוץ דאָס היטעל אָן די ערד) ען, אַז געלעבט זאָל זיין געלעבט! (הייבּט אויף דאָס היטעל) שאַ־באַש! איך שפּיי אויף אַלעמען! ביז אַ קאָפּיקע גיב איך היינט אויס, און טהו מיר עפּעס! נאַטאַשאַ, פֿאַריוואָס האָסטו ליעב יאַנקעלען? אָט דעם בּוילע כאַרוואָס האָסטו ליעב, פֿרעג איך דיר? צווישען אייך איז עפּעס דאָ אַנ׳אַנדער זאַך, אַ חוץ אַ ריס, אַ צופּ אַ שפּיעל! (שרייט) איז צווישען אייך עפּעס דאָ אַנ׳אַנדער זאַך אַ חוץ אַ ריס, אַ צופּ, א שפּיעל? ניין? א מכּה וועל איך דיר געבּען דעם רינג!... זאָל דיר יענקעל קויפֿען!... איז צווישען אייך עפּעס דאָ אנ׳אנדער זאך? נאַטאַשאַ, טשאָרט, טייפֿעל דו (צופּט זי פֿאַר׳ן אַרבּעל).

נ אַ ט אַ ש א (שטויסט איהם אָב): וואָס אנ׳אנדער זאך?

וואָס קראקעססטו, וואַראָנע דו? איך וויל ניט דיין רינג, ווער פֿער-ברענט מיט דיין רינג !...

זלמן : נו, נו, שעלמא, זאָלען דיר די אויגען ארויס ! זיי ניט בייז. אָט איז דיר דער רינג. (זוכט אין דער קעשענע און נעהמט ארויס אַ רינג און טהוט איהר אָן אויפ'ן פֿינגער. די פויערים טרינ־קען דערנוייל. יענקעל, אָנגעטהון יום־טוב'דיג, אין זיין שתאַרצען פירזשאַק און שטיוועל מיט הויכע אָבזאַצען, מיט'ן היטעל אויף אַ זייט, מעשה דאָרפֿישער פֿראַנט, קומט אויפ'ן הויף שיכּור'לאך און טאַנצט ארבמעד אויף די פֿיס, ער האָט בעמערקט, ווי זלמן האָט געגעבען נאַ-טאַשא'ן דעם רינג, טהוט ער אַ ציטער.

יענקעל : די וועלף זשאָלען זשיי גרעשען ! אַזשוי גאָר, מתנות נעמט זשי פֿון דעם הונד ? איכ'ל די ביינער ! (לויפֿט צו צו זלמן און טהוט איהם אַ שטויס פֿון נאַטאַשא'ן) אַוועק, איך וועל דיר די קישקעס ארוישלאָזשען ! (טהוט אַ שלעפּ צו זיך נאַטאַשא'ן).

זלמן (צומישט): נו, שלאָג זיך, שלאָג זיך, פּרוב! (נעמט זיך אָן ביי די זייטען) אַצינד האָב איך פֿאַר דיר קיין מורא ניט. איך מאַך פֿון דיר זשׂש און שאַבאַש.

יענקעל (טהוט אַ טראָט צו איהם): הא ? (זלמן אַנטלויפֿט.

נאַטאַשא : יענקעל, ביזט אָשאַלעיעט ?

יענקעל : נאַטאַשא, נעם ביי איהם ניט קיין מתנות, געה ניט מיט איהם, איך וויל ניט ! (רייסט ארונטער דעם רינג פון איהר פֿינגער) איך וויל ניט !

נאַטאַשא : יענקעל, מיין פֿינגער ! (ער שמייסט דעם רינג אָן דר'ערד, טאָפּטשעט מיט די פֿיס און שלעפּט זי צו זיך פֿאר'ן אַרבעל).

יענקעל : איך וועל דיר קויפֿען א רינג, נאַטאַשא, איך וועל דיר קויפֿען, די וועלף זשאָלען דיך פרעשען !...

חאַצע קומט אַרויס פֿונ'ם שטוב. זלמן בעווייזט זיך ווידער.

זלמן (שטעהענדיג פֿון ווייטען): ר' האצע איהר זעהט? ער געהט טאַנצען מיט אַ שיקסע, אַנ'אבל... ער וועט זיך נאָך שמד'ן, דער בוילע, און וועט מיט איהר כּאַסליערע האָבען, איהר וועט שוין זעהן ! (פערשווינדט).

יענקעל (טהוט זיך אַ כאַפּ): איכ'ל זשעך שמאַדען !

איך ? (בלייבט שטעהן צומישט און קוקט מיט שרעק אַרום זיך) איכ׳ל זשען שטאַרבען ?...

ח אַ צ ע : יענקעל, וואָס טראַכסטו זיך ? ווי האָסטו קיין רחמנות ניט אויף דיין טאַטען אין קבר ? ססייטש, דו געהסט טאַנצען, אַנ׳אבל ? יענקעלע, דו וועסט האָבען אַ מאוס׳ען סוף ?... געדענק, דיין טאַטע וועט דיר ניט שווייגען. איך מיין עפּעס... איך וועל געהן שיקען אַהער דיין מאַמען (אָב.)

י ע נ ק ע ל (שעפּצעט): באָזשע מאָי ! באָזשע מאָי !...
(שלעפּט נאַטאַשאַ׳ן צומישט).

נ אַ ט אַ ש אַ : וואו שלעפּסטו מיך ?

י ע נ ק ע ל : איך האָב מורא... עס איז אַזשוי שט־אַשנע. אַוועק נאַטאַשאַ, אַוועק !...

נ אַ ט אַ ש אַ : וואָס באַלטאַיעסטו, יענקעל ? דו ביזט שיכור ?

י ע נ ק ע ל (זעצט זיך אויף דר׳ערד נאַטאַשאַ נעבען איהם, ער מורמעלט, קוקט אַהינטער זיך צושראָקען): נאַטאַשאַ ! דו זשעהסט וועמען ? דו זשעהסט ?...

נ אַ ט אַ ש אַ (קוקט זיך אום): וועמען זעהסטו ? דו ביזט שיכור, יענקעל !...

י ע נ ק ע ל (שעפּצעט): אל מאלעך נעמאַן שמאיע שרול... שמאיע שרול... מעהר ווייס איך ניט !... באָזשע מאָי, שמאיע שרול...

נ אַ ט אַ ש אַ : דו מאָליעסט זיך, יענקעל ?...

י ע נ ק ע ל : נאַטאַשאַ, אַוועק־געה !... (פּלוצים מיט חנהמאָנ) אוי, נאַטאַשאַ, איך בין דאָך אַ איד, איך האָב דאָך אַ טאַטען — מען שמייסט איהם דאָרטען... אוי, ווי ער שרעקט מיך, ווי איך האָב מורא... נאַטאַשאַ, איך בין אשאלעניעט ! קרעשצען ווי אַ קריסט טאָר איך זשיך ניט, און מאָליען זשעך ווי אַ איד קען איך ניט ! באָזשע מאָי, שמאַיע שרול, שמאַיע שרול... (פערדעקט דעם פּנים מיט די הענד און ־טרייסעלט זיך).

נ אַ ט אַ ש אַ (רייסט איהם די הענד פון׳ם פּנים): יענקעל, סאָקאָל דו מיינער... דו וויינסט ? (ער קוקט אויף איהר אומ־ליקליך) יענקעל, וואָס איז דיר ? האַלובקא מאָיאַ ביעדנאַיאַ. (צי׳ט איהם.)

י ע נ ק ע ל (שפרינגט־אויף מיט שרעק) : וואָס טהושטו? וואָש זהושטו? קרעשצע מיך ניט. (בלייבט שטעהן מיט גרויסע אויגען צון סאָפּעט מיט'ן גאַנצען קערפּער, זי שפּרינגט אויך אויף צושראָקען, שטעהט קעגען איהם און ציטערט. ז ל מ ן ווייזט זיך ווידער און נעהם צו צו די שבור'ע פּויערים).

ז ל מ ן (שטיל) : אָט, רעביאַטא, נאַט אייך פֿינף גריווינקעס אויף גאַרעלקי. טרינקט אין שאַבאַש... צוברעכט אָבער דערפֿאַר יענקלען די ביינער... (די פּויערים לאַבען און רעדען שטיל).

אַ פּ ו י ע ר (צונעהענדיג צו יענקלען) : העי יענקעל! דו האָסט געטרונקען אונזער גאַר׳לקי? איצט קויף אונז דיין האַרעלקי. (יענקעל קוקט אויף איהם ווי אַ גולם) וואָס טראַסצעסט אויף מיר דיינע אויגען? קויף, אַלי... (כאַפּט איהם אָן פֿאַ׳ן לאַץ און טרייסעלט איהם) קויף, אַלי... (טהוט איהם אַ שטויס אין די ברוסט).

נ אַ ט אַ ש אַ (צום פּויער) : פֿאַרוואָס שלאָגסטו יענקלען, פּיאַניצאַ דו אקאיאנער?

י ע נ ק ע ל (טהוט זיך ווילד אַ כאַפּ און אַ רעווע) : מיך שלאָגען? (וואַרפֿט זיך צום פּויער מיט אַ אימפּעט און שלאָגט איהם ווילד. דער פּויער שרייט: „אַי בראַטצי, קאַראַאול!" די אַנדערע פּויערים וואַרפֿען זיך אויף יענקלען, רייסען פֿון איהם דאָס העמד, שלאָגען איהם. יענקעל איז צוקאָכט, שלאָגט רעכטס און לינקס. די פּויערים לויפֿען, ער נאָך זיי אַ ווילדער).

נ אַ ט אַ ש אַ (לויפֿט איהם נאָך מיט שרעק) יענקעל, : גענוג, באָזשע מאַי, ער איז אָשאַלעיעט!

י ע נ ק ע ל (שטאַנענדיג) : קאָלי דראַטסיאַ, טאַק אי דראַטסיאַ! זהאָ, די וועלף זשאָלען איך פֿרעשען!

הירש בער קומט אריין שבור'לאַך.

ה י ר ש ב ע ר : העי, טראַסצע! (תאַדפט זיך אַריין צווישען יענקלען און די פּויערים. זיי בלייבען אַלע שטעהן.) איך האָב געמיינט, אַז איהר טאַנצט דאָ, שלאָגט איהר זיך גאָר, טראַסצע וואַשע מאַשיערי!... (יענקעל מיט אַ צוריסען העמד געהט און זוכט זיין היטעל)

נ אַ ט אַ ש אַ (אויפֿהויבענדיג זיין היטעל) : זיי האָבען דיך געשלאָגען, יענקעל?

יענקעל: מיך געזען, נײן! אַהײ...

נאַסטאַשאַ (כאַפּט איהם אָן לײדנשאַפטליך): סילאַטש די מײנער, בער דו װילדער, כאָקאָל דו ש,הנער! כאַ־כאַ־כאַ! װי דו האָסט זײ געמנגלען מיט דײנע שטאַרקע הענד! כאַ! כאַ! כאַ!...

(די פּױערים, אײנער טאַפּט די נאָז, אַנ׳אַנדערער האַלט זיך פאַר׳ן אױער, אַ דריטער הינקט אונטער אױף א פוס. אַלע בורטשען, קוקען בײז אױף יענקלען).

זלמן: ר׳ הירש בער, האָט דער בוילע כח, הלוואי אויף מיר געזאָגט געוואָרען...

הירש בער: דו דאַרפסטו ניט האָבען קײן כח, װאָרום אַז אַ חזיר זאָל האָבען הערנער, װאָלט ער די װעלט חרוב געמאַכט. טראַסצע סוואָיע מאַטערי. (נעמט אַרױס פון אונטער׳ן בוזעם אַ פלאַש שנאַפּס) אַרטיעם, איװאַן, מיקאָלאַי, יענקעל, טרינקט, פּאָמירעט זיך. יענקלען דאַרף מען ניט אָבידען. ער איז אַ װילדער מענש, אָבער אַנ׳אכת׳ער מענש, אָהן פאַלשע חכמות, אַ מענש װי גאָט האָט בעשאַפען... װעסטו איהם ניט אַרײנלײגען קײן פינגער אין מױל, װעט ער ניט אָפּבײסען... טשעפּעט ניט קײן בער, ער האָט לאַפּעס מיט שאַרפע נעגעל... כאַ־כאַ־כאַ! יענקעלע, קום אַהער. (יענקעל מיט נאַמאַצא׳ן גײהט צו) יענקעל, איך האָב דיך האָלד... איך האָב דיך אַלע מאָל האָלד, אָבער איצט, אַז איך האָב אַרײנגעגאָסען, מחילה, האָב איך דיך נאָך מעהר האָלד. (גיט איהם אַ גלעזעלע שנאַפּס) טרינק, מײן זוהן. (יענקעל װיל ניט) טרינק, טראַסצע דיר אינ׳ם האַרצען! (יענקעל טרינקט אױס). פערבײס מיט נאָך אײנער. (יענקעל טרינקט װידער) אָט אַזױ! און איצט מיט נאָך אײנער. (שמעקט אױס דאָס גלעזעלע צו יענקלען. יענקעל װיל נעמען, הירש בער גיט עם אַ כאַפּ צוריק) אַ מכה, דאָס גלעזעלע טרינק איך אַלײן!...

יענקעל (לאַכט שכור): הו־הו־הו... גוטער ספירט, ר׳ הירש בער, פערװי סאָרט ספירט... עמעטער ר׳ הירש בער! און איך בין שכור, הו־הו־הו!...

הירש בער: און דו, זלמנ׳קע, קריגסט בײ מיר אַ מכה. און איהר, רעביאַטאַ, פאַמירעט זיך מיט יענקלען, װעט איהר אױך קריגען!... (אַלע: — „יענקעל, יענקעל!" קריכען צו איהם, קושען

איהם אונטער׳ן אַקסעל, ער לאַכט. הירש בער גיט אָב די פּויערים די פלאש שנאפּס) און איצט זאָל ווערען פרעהליך... רעביאַטאַ, יענקעל, נאַטאַשאַ! איך האָב האָלד צו זעהן, ווי איהר טאַנצט! טאַנצט אַביסעל! איך קען אויך טאַנצען, אָבער אויף איין פיס...

אַ ל ע: טאַנצוי, יענקעל! טאַנצוי, נאַטאַשאַ!... (אַ פּויער הויבט אָן צו שפּיעלען אויף אַ האַרמאָניקע, אַ צווייטער אויף אַ פּידעל. יענקעל און נאַטאַשאַ לאָזען זיך אַוועק טאַנצען. אַלע אַרום זיי פּילדרעוען און טאַנצען. ח אַ צ ע בעטייזט זיך אויפ׳ן הויף).

ח אַ צ ע: אָי, ער טאַנצט טאקי, אַנ׳אבל!... אָט דאָס הייסט בעקלאָגט אַ טויטען טאַטען! (יענקעל מהוט זיך א טרייסעל).

ה י ר ש ב ע ר: טאַנץ, יענקעל, הער איהם ווי די קאַץ, דעם קעלמער מורילע!

אַ ל ע: טאַנצוי, יענקעל, טאַנצוי! (יענקעל טאַנצט הייסער מיט נאַטאַשאַ׳ן, דער עולם טאַנצט מיט, זינגט און פּילדערט).

ז ל מ ן: אָן געהט זיין מאַמען!...

נ ח ו ם קומט צו לויפען מיט אַ פּאָר פלעשער שנאַפּס אין ביידע הענד.

נ ח ו ם (שרייט פון ווייטען): יענקעל, אַ קרענק דיר אין האַרצען, טאַנץ ניט מיט שיקסעס, און טענה ניט! (פערשווינדעט).

י ע נ ק ע ל (קוקט זיך אום, טאַנצענדיג): העי, איך טאַנץ און באַסטאַ!... העי, מוזיקאַנטי, לעבעדיגער, זשיוועי!... נאַטאַשאַ, העי, האָפּ־האָפּ! (קלאַפּט זיך אין די קאָלעווער, דאַן מיט׳ן הונטען אָן דר׳ערד נעבען דער טאַנצענדינער נאַטאַשאַ׳ן).

אַ ל ע: אַי דאַ, יענקעל, מאָלאָדעץ, פּראַכוואָס!...

ח י י ק ע ל ע קומט צו לויפען.

ח י י ק ע: אוי מוהמע פרומע, ער טאַנצט נאָך מיט די שיקסעס! יענקעל, די מאַמאַ געהט!

פ ר ו מ ע קומט צוגעלויפען.

פ ר ו מ ע (לויפט צו איהם מיט פערקאַשערטע הענד) יענקעלע, אונגליק מיינער, דער טאַטע וועט היינט ווידער קומען מיך מוטשען, וועה איז מיר! (ער בלייבט שטעהן צושראָקען).

ה י ר ש ב ע ר: יענקעלע, הער ניט דיין מאַמענ׳ס בעקיקעס! טאַנץ! (יענקעל נעמט ווידער טאַנצען).

פּ ר ו מ ע: יענקעלע, אכוואָטניק, לאָז דיין טאַטען רוהען אין קבר! (ער טאַנצט).

ח יי ק ע: וואַרט, וואַרט, דער פעטער וועט זיך שוין אָבּרעכענען מיט'ן גוי!... (פּלוצים וויזט אוים יענקלען, זיך אַז ער הערט זיין פאָטער'ס קול: „יענקעלע זיי א איד! אוי, וועט מען שמייסען”).

י ע נ ק ע ל (טאַנצענדיג, קאָרטשעט זיך צוזאמען, שרייט מיט שרעק): איהר הערט? איהר הערט? (קוקט זיך ארום מיט שרעק).

ה י ר ש  ב ע ר: טאַנץ! (יענקעלע הערט ווידער זיין פאָטער'ס קול).

י ע נ ק ע ל ע (צולויפענדיג צו זיין מוטער): מאַמעניו, דו הערשט? (דריקט זיך צו איהר מיט שרעק).

פּ ר ו מ ע: איך הער גאָרניט, יענקעלע, וואָס הערסטו?

ה י ר ש  ב ע ר: ער האָט, מחילה, גוט אַריינגעשנאָסקעט, מוז ער הערען אין קאָפּ! (יענקעלע דאכט זיך, ער זעהט זיין פאָטער אין תכריכים, ארויסקוקענדיג דורכ'ן פענסטער פון דעם פישער'ס שטיבעל).

י ש ע י ה ו ' ס  ק ו ל: יענקעלע, זיי אַ איד; זיי אַ איד אוי, וועט מען שמייסען!

י ע נ ק ע ל (האלב משוגע פאר שרעקט): מאַמוניו, ראַטעווע מיך! (ווארפט זיך אויף דר'ערד מיט גרויסע אויגען אויפ'ן פענסטער אוי, טאַטוניו, איכ'ל זשיין א איד... איכ'ל זשיין אַ איד אשעפעט ניט! טשעפּע נים!... (וואַרפט אַרום זיך אויף דר'ערד מיט די הענד אויסגעשטעלט, אקוראַט ווי ער וואָלט וועלען זיך פערטיידיגען וועמען).

פ אָ ר ה אַ נ ג.

# דריטער אקט.

דעם פישער׳ס שטיבעל. הירש בער זיצט אויף א בענקעל און שמירט זיינע שטיוועל מיט וואַרוועל, חאצע זיצט ביים טיש און מאַכט־איין ציצית אין אַ ארבע כנפות, וואָס ליגט אויפ׳ן טיש. זלמן נייהט־איין א קנעפּל אין זיינעם א קאפּטען; אין דרויסען איז שטאַרק כמורנע און א שטורם בושעוועט.

<u>חאצע</u> (דרעהענדיג די פעדים פון די ציצית מיט גרויסער כונה): אַלף לשם מצוה, בית לשם מצוה, גימעל לשם מצוה...

הירש בער: חאַצע, וואָס מיר פאַלט איין: דו ביזט אַ גרויסער למך, זאָלסט מיר מוחל זיין. דו פערשטעהסט ניט קיין עסק. אָט מאַכסטו איין ציצית אין יענקעלע׳ס ארבע כנפות, האָסט איהם געמאַכט פאַר אַ פרומאַק, ער קוועטשט זיך שוין נעבאַך ביים דאַוונען באַלד אַזוי ווי דו... וואָס טויג עס דיר, קעלמער? פערשטעהסט דען ניט, אַז וואָס וועניגער צדיקים עס וועלען זיין אויף יענער וועלט, אלץ מעהר מיוחס וועסטו דאָרט זיין, טראַסצאַ טוואיעי מאַטערי?

<u>חאצע</u> (בעגייסטערט): ניט אמת, ר׳ הירש בער? גאָט׳ס חסד איז זעהר גרויס, איך מיין עפּעס! ווער וואָלט זיך עס געקענט ריכטען מיט אַ חודש צוריק, אַז יענקעלעס גוי׳עש האַרץ זאָל זיך אַזוי מורא׳דיג בעקעהרען צו אידישקייט! (טהוט אַ פּאַטש אין די הענד מיט התלהבות) אוי גאָטעניו־פאָטער׳ל, ווער קאָן נאָך ווייזען אַזוינע נסים ונפלאות, ווי דו! דאָס שוואַכסטע האַרץ מאַכסטו שטאַרק אין דיין אמונה... דעם פונק פון אידישקייט בלאָזטו פונאַנדער אין אַ פלאַם, אין אַ הייליגען פייער!... גאָטעניו, אוי גוואַלד! אַצינד׳ער איז עשרת ימי תשובה, זען יענקעלע דאַווענט מיט כונה, יענקעלע זאָגט אַ קאַפּיטעל תהילים... און אָט איז זיין ארבע כנפות און ער אַליין האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם איינמאַכען כשר׳ע ציצית! גוואַלד, וואָס פאַר אַ נסים האָט גאָט בעוויזען, גוואַלד, איך מיין עפּעס, גוואַלד! (כאַפּט זיך דרעהען מיט אַ ברען די ציצית) אלף לשם מצוה, בית לשם מצוה...

הירש בער: איך מיין אויך עפּעס, חאַצע. פאַר יעדע עולה מאַכסטו גאָט שולדיג. מאַכסט קראַנק אַ געזונדען, שטאַר-

קען מענשען; משוגע — אַ קלאָרען מענשען, און װער איז שול-
דיג? גאָט נעבאַך!...

זלמן: איהר זאָגט, אַז יענקעלע איז פֿרום געװאָרען און אין דאָרף רעדט מען, אַז יענקעלע געהט זיך שמד'ן און װעט כּאַס-לערע האָבען מיט נאַסאַשאַ'ן.

הירש בער: העי דו, זלמנ'קע, סמאַראַחאָז דו, אַ טראַס-צע דיר אין האַרצען! דאָס איז דיין קאָפּ, דו האָסט עס פֿונאַנדער-געפּלאָנטען אַזאַ סלוך! היט זיך, זלמנ'קע, װען יענקעלע זאָל זיך אַמאָל אַ נעם טהון צו דיר, מעגסטו זיך שוין אָבזעגענען מיט דיין נאַ-רישען קאָפּ, אַ מהומה אויף דיר! (זלמן לאַכט).

הירש בער: אָהאָ, דער שטורם האָט זיך אָבער נישקשה'דיג צופּאַלאַשעט! היינט װעלען מיר שוין מוזען זיצען אין דערהיים און רוהען... זלמנ'קע, טהו אַ קוק, װאָס איז דאָרטען מיט די שיפען, צי האָט נישט אָבגעריסען פֿונ'ם ברעג?

זלמן: איך הולך... (טהוט אָן דעם רעקעל און קוקט אַרויס פֿונ'ם פֿענסטער) אהא, װי די כװאַליעס האָבען זיך צװישעט אויפֿ'ן אָזערע, שפּרינגען אַרום, װי װייסע שעפּסען... (רוקט אָן דאָס היי-טעל) איך געה...

הירש בער: זלמנ'קע, אַז דו געהסט, פֿרעג שוין פֿאַר איין גאַנג דעם שטורם, װאָס גװואַלדעװעט ער אַזוי? אפֿשר װיל ער אַ שמעק טאַבאַק?...

זלמן: ער װיל אַ גלעזעלע פֿון אייער אמת'דיגע!... גיט, איך װעל איהם אַרויסטראָגען... (לאַכט).

הירש בער: אַנ-אמת'ע טראַסצע װעל איך דיר געבען... געה!... (זלמן אָב, לאַכענדיג. הירש בער געהט צו צום פֿענסטער און קוקט אַרויס) אוי, אוי, עס טהוט זיך חשך אין דרויסען! יעסין אויף דער װעלט... אַלץ יאָהר אין דיעזער צייט װאַרפֿט די אָזערע אַ העי-לישע קדחת... די בוימער אינ'ם װאַלד הויבען אָן צו פֿיהלען אַ ברע-כעניש, אַ שטעכעניש אין די זייטען, קרעכצען, שרייען נעבאַך „חי וקים!" און עס העלפֿט זיי טאַקי, נעבאַך, װי אַ טויטען באַנקעס! דער קאַלטער װינד איז זייער מלאך המות און ער זינגט זיין ברוך דיין אמת... עך, און אָט ערשט איז דאָך געװוען זומער! דאָס גאַנצע לעבען איז אַזוי: אָט לעבט מען, אָט װאַקסט מען און אָט פּגר'דאַרט מען! (זיפֿצט אָב און טהוט אַ שמעק טאַבאַק).

פּראָקאָפּ קומט אַריין דורכנעצט, מיט איהם צוזאַמען רייסט

זיך אַריין אַ הודיען פֿונ'ם ווינד אין די טיר.

פראָקאָפּ: איש אַ פּאָגאָדישקאַ, נ'דאַ, טאָ־סאָ! (נעמט אַרויס אַ פּיפּקע פֿונ'ם מויל און פֿערוויכערט) פּאָהרסט נישט היינט אויפֿ'ן אָזערע, ריש־בער?

הירש בער: ניין, פּראָקאָפּ.

פּראָקאָפּ: טאָ־טאָ! און איך מוז ווידער אין וואַלד. שוין צוויי וועגלאַך האָלץ געבראַכט... מען מוז נאָך אַ דריטען מאָל פֿאָהרען — טאָ־טאָ! פֿערלירען אַ טאָג אין כּאָזיאַסטווע איז אַנ׳־עבירה, בראַט! ריש־בער, איך וויל ביי דיר אַנ'עצה פֿרעגען, דו ביזט אַ קלוגער מענש... מיט מיין נאַטאַשקאַ'ן איז נישט גוט צו מען האָט איהר עין הרע געגעבען, צי זי איז קראַנק, אָבער דאָס מיי־דעל דערקען איך גאָר ניט; אָן זיצט זי דאָרט אין אונזער פּאַ־לאַווינע, און טראַכט און אָכצעט. וואָס ווען? עך, באָזיע מאָי, קיין טאָלק קען איך פֿון איהר נישט דערגעהן! ריש־בער, זי איז דאָס איינציגע, וואָס איך האָב אויף גאָט'ס וועלטעל... גיב אַ גוטע עצה, וואָס טהו איך? צו זאָל איך איהר פֿיהרען צו אַ זנאַכאַר אָדער צו דעם פֿעלדשער פֿון דער וואָלאָסט, האַ, ריש־בער?

הירש בער: מאַך איהר חתונה, פּראָקאָפּ, אָט וואָס! פֿאַר אַזאַ מיידעל, ווי נאַטאַשאַ, איז דער בעסטער זנאַכאַר און דער בעסטער פֿעלדשער — אַ יונגער און געזונדער מושיק!

פּראָקאָפּ: אמת, אמת, ריש־בער, איך האָב אויך אַזוי געטראַכט. נאַטאַשאַ וויל אָבער ניט הערען פֿון דעם... די בעסטע כּלאָפּצעס פֿון דאָרף ווילען זי האָבען. זי זאָגט אָבער: ניעט דאַ ניעט... עך, וואָס טהו איך מיט איהר? (עס דערהערט זיך א ווילדער רעווען פֿון דרויסען) וואָס איז דאָס? צי אַ מענש רעוועט עס אַזוי, צי דער ווינד?...

הירש בער: דער ווינד. (ווידער דאָס רעווען).

פּראָקאָפּ: ניין, דאָס איז ניט דער ווינד, דאָס רעוועט אַ מענש... טאָ־טאָ! איש אַ רעווען, ווי מען וואָלט אַ מענשען גע־דישעט!...

הירש בער (טהוט זיך א כאַפּ): אוי, דאָס איז יענקעלע! מסתמא חלומ'ט איהם עפּעס ווידער! (דאָס רעווען).

חאַצע: טאַקי יענקעלע'ס קול... איהם חלומ'ט זיך עפּעס ווידער, וועה איז מיר!

פּראָקאָפּ: וואו איז יענקעל?

הירשבער: ער איז נישט געזונד, קען זיך קיין אָרט נישט געפונען, איז ער אַוועק צו דיר זין שייער אויף די פרישע היי זיך צולעגען.

פראָקאָפ: זאָל ער נור מיר די היי ניט צוטאָפּטשען... נו מען דאַרף פּאָה־ען זין וואַלד... עך, אַ פּאַגאָדישקא, טאַ־טאָ!... (אָב).

הירשבער: וואָס איז דאָרט מיט יענקעלען?... איהר האָט איהם אַלע אַזוי אנגעשראָקען, מיט אייערע הלוּמות און מוסר זאָגען, אַז ער האָט איצט מורא אי פאַר טויטע, אי פאַר לעבעדיגע, אַ מהוּמה אויף אייער אַלעמענס קעפּ!

יענקעל מיט אַ קאָפּ פול מיט היי, אַ צוטומעלטער, מיט מוטנע אויגען, קומט אַריין, קוים האַלטענדיג זיך אויף די פיס, און סאָפּעט שווער. זלמן פיהרט איהם פאַר אַ האַנד און שמייכעלט

יענקעל (דערזעהענדיג האַצען, וואַרפט זיך צו איהם מיט אַ קרעכץ): ר' האַצע, ר' האַצע, שוין ווידער! ווידער!...

חאַצע: וואָס?

יענקעל (פערצווייפעלט, און ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער): דער טאַטע! שוין ווידער!... (טוליעט זיך צו איהם).

זלמן (לאַכט): איך הער ביים אָזעראָ אַ רעווען ווי פון אַ געקוילטען אָקס. איך לויף אריין אין שייער, ערשט יענקעלע ליעגט אויף די היי, וואַרפט זיך אַרום מיט די הענד און פיס און רעוועט: טשעפּע ניט! טשעפע ניט! איך איהם געמוזט דערלאַנגען עטליכע בוכצעס אין זייט, ביז ער האָט זיך אטשוכעט... כאַ! כאַ! כאַ!

הירשבער: וואָס שצירעסטו דיינע צייהן, מורילע דו?... (צו יענקלען) יענקעלע, זיי דו ניט קיין דזיקאַן... טרויער ניט אַזוי פיעל וועגען דיין טאַטען, וועט ער זיך דיר ניט הלומ'ען. (ווייך ווי צו אַ קינד) נאַר דו, דיין טאַטע איז איצט פון דיר צופרידען. דו ביזט גוט, פרום, אַ מענש אַ פאָלנער, ווי דער קעלמער וויל, ווי דיין פעטער נחום וויל... אוי, אויף זיי געזאָגט געוואָרען וואָס זיי האָבען געמאַכט פון דיר! טפו, אַ גוטע טראַסצע זיי אין האַרצען! (צו זלמנ'ען) נו, וואָס שטעהסטו? האָסט שוין געזעהן די שיפען?...

זלמן: איינע האָב איך שוין אַרויפגעשלעפט.

הירשבער: און די אנדערע?

ז ל מ ן: איך געה גלייך. (מאַכט נאָך יענקלען) הוי-הוי-הוי-טשעפּע ניט! טשעפּע ניט! האָב איך איהם ארייגנעבוכצעט! כאַ-כאַ! כאַ! (אָב).

ה י ר ש ב ע ר: נו, יאָ, אויף אַ געפאַלענעם בוים שפּרינ-גען ציגען.

ז ל מ ן ווידער אריין.

ז ל מ ן: ר׳ הירש בער, דער גלח ארסעני וויל אייך זעהן. גיכער, ער וואַרט אויף אייך אין זיין וואָגען. ער וויל אַ ביסעלע פּיש און האָט פאַר אייך אַביסעלע י״ש... וועט איהר מיר געבען אַביסע-לע פון דעם אמת׳דיגען?

ה י ר ש ב ע ר: דער גלח ארסעני?.. (אָב מיט זלמנ׳ען).

י ע נ ק ע ל: ר׳ חאַצע וואָש טהוט מען?

ח אַ צ ע: ראשית, טהו אָן דיין ארבע כנפות... (טהוט איהם אָן) אפשר איז ער איצט צו די׳ געקומען, מחמת דו ביזט געגאַנגען אָהן אַנ׳ארבע כנפות... איך מיין עפּעס. וואָס האָט ער דיר גע-זאָגט?...

י ע נ ק ע ל: ער האָט געזשאָגט... ער האָט געזשאָגט... (ציטערט) זשיי אַ איד, האָט ער געזשאָגט... פאַרוואָש איצט ר׳ חאַצע?... פאַרוואָש איצט? איך בין דאָך פרום... פאַרוואָש איצט ר׳ חאַצע? (פערדעקט דעם פנים און ציטערט).

ח אַ צ ע: מסתמא איז דאָס מחמת דיינע פריהערדיגע עבירות... וואָס ווייס איך? וועה איז מיר, איך מיין עפּעס!...

י ע נ ק ע ל: יע, יע, דערפאַר... איך האָב געזשינדיגט... אָ, ווי איך האָב געזשינדיגט! (שעפּצעט) באָזשע מאָי, שמאַיע שרול, שמאַיע שרול!... ר׳ חאַצע, וואו, איזש דער תהילים?

ח אַ צ ע (גיט איהם דעם תהילים): ווילסט זאַ קאַפּיטעלע תהילים זאָגען? זאָג, זאָג מיר טאַקי, יענקעלע... איך וועל אויך זאָגען... אוי, ס׳אַרע גאָט מיר האָבען, איך מיין עפּעס! (מישט אויף אין תהילים) אָ דאָ זאָג: ליום שני... קאַפּיטעל למד... היינט איז דאָך מאָנטאַג... (זעצט זיך אָן אַ זייט און זאָגט שטיל מיט אַ נגון אויסווע-ניג) מזמור שיר חנוכת הבית לדוד...

י ע נ ק ע ל (מיט דעם זעלבען נגון, האַרצברעכענד): מיזשמור שיר קענוקאַס העבויש לאַדוואָווי... ארעמיקא האָדוֹנאָי כי דעלוֹשיני הולאַי שעמאַכטע האָוואַי לי... ר׳ חאַצע, וואָש, פריי-מערגזשאַ, קומט אַ אידען, ווען ער זשינדיגט מיט אַ גוי׳עשער שיקשעז?...

חאַצע (זאָגענדיג תהילים פאַר זיך): נו, נו, אסור להפסיק...
הפכת מספדי למחול לי פתחת ותאזרני שמחה...

יענקעל (זאָגט אין זיין תהלים): האדנאַי העלישאָ מין שול נפשי הוישאינע מימאָרדי וואַיר... איזש וואָ-זשע זשאָגט איהר, ר׳ חאַצע, האַ?

חאַצע: הם... וואָס?

יענקעל: ווען מען זשינדיגט מיט אַ גוי'עשער שיקשע? איזש וואָש-זשע, האַ?...

חאַצע: מיט אַ שיקסע ווען מען זינדיגט, וואָס קומט דער פאַר? אוי, איך מיין עפעס, נאָך ערגער ווי מיט אַ אידישער אשת איש! סקילה איז ווייניג פאַר דעם... שרפה, הרג וחנק זיינען א שפיי פאַר דעם, איך מיין עפעס! איך האָב אַמאָל געהערט, ווי דער קָלמער מגיד, זכר צדיק לברכה, האָט וועגען דעם גע'דרש'נט. הער אויס, יענקעלע, מעגסט הערען. (מיט פייער און מיט אַ ניגון פון אַ מגיד) אַ אידען, וואָס האָט געזינדיגט מיט אַ גויה אויף דער וועלט — וואָס האָט מען איהם געטהון, בעת ער איז געקומען אויף יענער וועלט? מען האָט איהם, ראשית, אויסגעשמירט אין גאַנצען מיט סמאָלע פונ'ם קאָפּ ביז די פיס און מען האָט איהם איבערגעגע־בען צום מלאך דומה אין די הענד אריין. (יענקעלע הערט מיט שרעק) און וואָס-זשע האָט דער מלאך דומה געטהון? ער האָט געלאָזט צו־זיך רופען די יפת תואר לילית, ימח שמה וזכרה, און לילית, פערשטעהסטו מיך, איז ניט גלאַט אַבי אַ נקבה קיי און שפיי... איך מיין עפעס! זי איז אַ נקבה בראַנד און פייער, אַז קיין איד זאָל זי ניט קענען. א לשון פעך און שוועבעל, אויגען — פייערדיגע בליצען, און אַ יפת תואר איז זי, ממש אַ גוואַלט! די זון האָט ניט אַזאַ ליכטיג פנים ווי זי. זי איז כמעט אַזאַ יפת תואר, ווי אונזער מוטער רחל, יעקב אבינו'ס ווייב, איך מיין עפעס! די קענסט דאָך אַליין פערשטעהן, ווי שעהן זי איז, אַז זי איז די רעכטע האַנד פון דעם יצר הרע, אַז זי איז די פלונית'טע פון דעם אשמדאי, פון דעם מלך פון אַלע שדים און רוחות... הקיצור, לילית, ימח שמה, טהוט זיך אַ נעם צום אידען, וואָס האָט געזינדיגט מיט דער גויה אויף דער וועלט... טהוט איף איהם אַ קוק, און אַ בליץ צינדט אָן זיין מוח; טהוט איהם אַ זאָג „ברוכים הבאים אַ איד", און א שאַרפער חלף שניידט דורך זיין הארץ. זי שעהמט זיך ניט פאַר אַ פרעמדען מאַנסביל, לילית ימח שמה, מאַכט צו איהם הולטאַיסקע שטיק:

טהוט איהם אַ גלעט דאָ, דאָרט, ביז זי בע׳כשופ׳ט איהם... ער פערגעסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז און וויל זי אויך אַ גלעט טהון. אָט דעמאָלט, איך מיין עפּעס... טהוט זי איהם אַ כאַפּ אָן אָט ווי ער שטעהט אַזוי אויסגעמעמירט מיט סמאָלע, און קנאַק אין ברענענדיגען אויווען אַריין, און קנאַק אין ברענענדיגען אויווען אריין!..

(יענקעל קאָרטשעט זיך צוזאַמען פאַר שרעק) דאָס פייער כאפּט איהם ארום פון אַלע זייטען; ער שרייט, בעט זיך רחמים און זי, לילית, מיט אַ גאַנצער חברה שדים און לצנים, טאַנצען געגען אויווען, לאַכען און רייצען זיך מיט איהם: האַ, וועסט זינדיגען מיט אַ גויה, האַ? וועסטו זינדיגען מיט אַ גויה? (מאַכט דערביי צו יענקעלען מיט ביידע הענד און די אויגען ברענען ביי איהם).

יענקעל (כאַפּט איהם פאַר ביידע הענד): ר׳ חאַצע, ר׳ חאַצע, געוואַלד! געוואַלד! (כאַפּט זיך פאַר׳ן קאָפּ) וואָס זשאָל איך טהון! אך, שרעקט מיך ניט אזשוי!... איך ווער משוגע! זשאָגט מיר, וואָש איך זשאָל טהון? ר׳ חאַצע, אַפילו שטאַרבען האָב איך מורא!... (פערצווייפעלט) אך, ר׳ חאַצע, אך!...

<u>חאַצע</u>: וואָס, יענקעל?

יענקעל: איך... איך... (טהוט זיך אַ קלאַפּ אין די ברוסט) באָזשע מאָי, באָזשע מאָי, שמאָיע שרול!... (ער וויינט זיך רחמנות׳דיג).

הירש בער מיט אַ פלעשעל שנאַפּס.

הירש בער: גאָט שיקט צו די פיש דאָס וואַסער, דעם גלח ארטעני פיש און מיר דעם גלח ארטעני מיט א פלעשעלע אמת׳ער סמירנאָוו׳ס אציטשצענע... (בעמערקט אז יענקעל וויינט) יענקעל וויינסט? אך, אָבער גאָט שיקט ניט צו א גוטע טראַסטע דעם קעלנער מורילע!... וואָס וויינסטו, יענקעל? וואָס האָט ער דיר שוין ווידער אָנגעפּלאטשקעט?

יענקעל: ניין, ר׳ הירש בער, ר׳ חאצע איזש א גוטער מענש, ער זשאָגט דעם עמעש... ר׳ הירש בער, איך האָב געזשינדיגט, יאָ, האָב איך געזשינדיגט... וואָש זשאָל איך טהון, ר׳ הירש בער?

הירש בער: לאָז זיך אויפעסען אַ לעבעדיגער פון חאַצען און ער זאָל מיט דיר דערוואָרגען ווערען, אָט וואָס דו זאָלסט טהון! ווילדער, דו, דו ביזט דאָך שוין פרום, וואָס ווילסטו נאָך?..

יענקעל (פערצווייפעלט): אָבער לילית, אָט די מיט די

פייערדיגען אויגען?... אָט די מיט די בליצען?... און זשי קנאקט אין אייזוען! און זשי קנאקט אין אייזוען?... און עס פאַליעט די סמאָלע, און עס זשארעט. און עס ברנט, ברענט! באָזשע מאָי, שמאַיע שרול, שמאַיע שרול!...

הירש בער: לילית?... האָסט איהם שוין געגומען סטראַשען מיט לילית׳ן אויך?...

חאַצע: איך האָב איהם נור דערצעהלט דעם קעלמער׳ס אַ דרשה... קיין אחריות ניט, פערשאדען וועט עס איהם ניט, איך מיין עפּעס!...

הירש בער: דער קעלמער האָט דיך משוגע געמאַכט, און די מאכסט איהם משוגע! (יענקעל זעצט זיך אויפ׳ן דעזשאַנקע, זיצט מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ און זיפצט).

נחום, פרומע און חייקע אריין.

נחום: א גאָט העלף! (זעצט זיך און זיפצט).

הירש בער: אַהאַ, ברוכים הבאים, די גאַנצע קאפעליע איז דאָ! וואָס זיפצעסטו, נחום? ווילסט אַ שמעק טאַבאק?

נחום: ר׳ הירש בער. נישט גוט! ישעיהו איז דאָך שוין היינט ווידער ביי מיר געוועזן, זאָלט איהר מיר מוחל זיין... ניט גוט און טענה ניט!

פרומע: און ביי מיר איז ער דען היינט ניט געוועזן, וואָס?

חייקע: און צו מיר קומט דער פעטער ישעיהו אויך שוין די צווייטע נאַכט...

יענקעל שפּרינגט ארונטער מיט אַ גוואלד פון לעזשאַנקע, שלעפּט מיט אַ טאָפּ, וואָס צופליהט אין בראַזגעס אלע שפּרינגען אויף צושראָקען. יענקעל מיט מוטנע אויגען און מיט אַנ׳אָפענעם מויל קוקט פאַר זיך.

הירש בער: טפו זאָלט איהר ווערען! אָי, איהר קאָנט דאָך נאַקע משוגע מאַכען דעם קלאָרסטען מענשען מיט אייערע חלומות! רבונו של עולם, ווי לאַנג נאָך וועט ישעיהו געהן צו אייך, געהט איהר שוין אמאָל צו איהם!... אַז איהר ווילט, קענט איהר נעמען מיט זיך צו איהם דעם קעלמער אויך, און זאָל זיין אַמאָל אַ סוף!

נחום: דאָס איז ניט קיין שוטקע, ר׳ הירש בער, פרימע-ריטשע. ער האָט דאָרט אויך דערהערט, וואָס מען רעדט אינ׳ם דאָרף, אַז יענקעל וויל זיך שמד׳ען...

חייקע: און כאַסלערע האָבען מיט דער שיקסע... אוי, וואַרט, וואַרט בוילע, ער וועט זיך שוין אָבּרעכנען מיט דיר, דיין טאַטע! (וויינט אַין אַרבּעל).

פרומע: ישעיהו האָט מיך היינט שיער-ניט דערוואָרגען אינ'ם בעט.

יענקעל (צווויפגעקאָרטשעט, מיט אויסגעשטעלטע הענד וואַרפט זיך צו זיין מוטער): איך?... איכ'ל זשיך שמאַדען?... איך?... מאַמוניו, זאָל איך קראַפּירען, ווי אַ הונד! אוי, וואָש וויל מען פון מיר?... (שטאַרק ליידענשאַפטליך) מאַמוניו, ניט עמעש, ניט עמעש! זשאָל מיך דער טאַטע זאַדושען, אויב דאָש איזש עמעש... מאַמוניו, איך בין אַ פרומער איד. (כליפּעו רחמנות'דיג) איך בין אַ פרומער איד. תהילים זשאָג איך... איך דאַווען... איך בין פרום... ר' חאַצע, כאָטש איהר זשאָגט מיין מאַמע'ן!... ר' הירש בער, כאָטש איהר זשאָגט!...

חאַצע: איך מיין עפּעס, אַז יענקעל איז אַצינד פרום, הלוואי אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען.

הירש בער: לאָזט איהם צופריעדען מיט אייערע חלומות, אַלע בייזע חלומות צו אייערע קעפּ! קום אַהער, יענקעל! (שלעפּט איהם צו צו זיך. יענקעל דריקט זיך צו צו זיין ברוסט, ווי אַ הילפלאָזעס קינד) שאַ, שאַ, יענקעל, וויין ניט. דו ביזט איצט פרום, גאָט זעהט עס און קלייבּט אוודאי נחת פון דיר... און זיי הער ניט, זיי זענען משוגעים! עך, טראַסצע, וואָס איז ער, יענקעל? א גרויסע עופה'לע מיט זיין שכל, אַ שטאַרקער בער מיט זיין גבורה: צורייצט איהר דעם בער, איז אַז אָך און וועה דעמאָלט צו אייך. צורייצט איהר אָבער די עופה'לע, איז אַז אך און וועה צו איהר!

יענקעל: ר' הירש בער, איהר ווייסט דאָך... איהר ווייסט דאָך... זשאָגט מיין מאַמען... טאַטעלע — ר' הירש בער, איהר זשייט מיר אַ עמעשער טאטעלע, איהר זשאָגט מיין מאַמען, אזש דער טאטע וועט קומען, זשאָל זשי איהם זשאָגען, אזש איך בין אַ פרומער איד... תהילים זשאָג איך, קריאש-תשמע זשאָג איך. (קלאַמערט זיך אָן איהם און מיט וועהטאָג) טאטעלע ר' הירש בער! טאַטעלע — ר' הירש בער!...

פרומע: וואָס זאָל איך איהם זאָגען, יענקעל? און אליין ווייס ער דען ניט, אַז דו ווילסט זיך שמד'ען און כאַסלערע האָבען מיט נאַטאַשאַ'ן?

יאַנקעל: וואָס? מיט נאַטאַשאַן חאַשינע האָבען?... איך? (קאָרטשעט זיך צוזאַמען) מיט נאַטאַשאַ'ן?... עך, באָזשע מאָי, באָזשע מאָי, שמאַיע שרול! שמאַיע שרול! (פאַלט-צו צו דער וואַנר און חיינט הילפלאָז).

הירש בער: זלמנ'קעס קאָפּ! דאָס איז אַ ליגען, כזב ושקר...

חאַצע: איך מיין ע-ע-ע, אַז דאָס איז כזב ושקר... יענקעל קוקט גאָר ניט איצטער אין גאַנצען אויף אַ פרעמדער נקבה, ניט וואָס אויף א שיקסע, איך מיין עפּעס...

יענקעל (טהוט זיך אַ כאַפּ): ער, ער זשיינע באַיקעס, זלמנ'קעס!... איכ'ל איהם די קישקעס אַרויסלאָזשען! מאַמוניו, חייקע איזש מיין כלה, חייקע! (כאַפּט אָן ווילד חייקע'ן פאַר אַ האַנד) זשי איזש מיין כלה, די וועלף זשאָלען זשי פרעשען, זשי! מיט איהר וועל איך חאַשינע האָבען! נור מוטשעט ניט, האָט רחמניש!

חייקע (מיט שמחה): טאטע, א טאטע, דו הערסט, וואָס יענקעל זאָגט? אוי, איך גלויב איהם... יענקעל, דיין טאטע האָט אונז געזאָגט אַ ליגען... אַ כאָלערע!...

פרומע: וועה איז מיר, חייקעלע, אויף וועמען האָסטו געזאָגט אַ כאָלערע?...

חייקע (צושראָקען): איך האָב נישט געמיינט דעם פעטער ישעיהו'ן. (שלאָגט זיך איבער די ליפּען).

נחום: אוואו איז די בייטש? (חייקעלע שפּרינגט אָב אַהינטער יענקל'ען) בהמה דו, זאָלסט מיר מוחל זיין, ער בעמיהט זיך דאָרטען פאַר דיר, אַ שלאַג זאָל דיך נעהמען, און טענה ניט!

פרומע: ר' הירש בער, מיר זיינען געוועזען ביים רב אין אָסטראָוונע און האָבען איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה מיט יענקל'ען און ער האָט אונז געזאָגט, כאָטש יענקעל איז אַנ'אבל, פונ-דעסטוועגען זאָלען מיר איהם וואָס גיכער חתונה מאַכען, כדי צו ראַטעווען איהם פון שמד. דערפאַר איז ביי אונז געבליבען, אַז די חתונה זאָל זיין אין דריי וואָכען אַרום, דעם צווייטען טאָג חול המועד סכות... זעהט, ר' הירש בער, אַז ער זאָל וועלען חתונה האָבען מיט אַנ'אידיש קינד! (כליפּעט)

הירש בער: נו, ער זאָגט דאָך אַליין, אַז ער וועט חתונה האָבען מיט חייקען, וואָס ווילט איהר נאָך?

פרומע: דו הערסט, יענקעלע?

יענקעל: גוט, גוט, איכ'ל חאַשינע האָבען, איכ'ל חאַשינע האָבען!...

נחום: זעה, יענקעל, דו זאָלסט אונז נור ניט אונטערפיה־רען, פרימעריטשע, צו אַ חתונה מוז מען זיך אָנגרייטען.. אַ שטי־קעל וויל איך קוילען פאַר דער חתונה, דעם ראַבען בייקעל, זאָלסטו מיר מוחל זיין, דאַרף מען זיין זיכער, אַז דער חתן איז אַ חתן און די התונה איז אַ חתונה, און טענה ניט!

יענקעל (אויפגערעגט): איכ'ל חאַשינע האָבען, חאַשינע האָבען, כאָטש מאָרגען... אַבי לאָזשט מיך!... (קלאַפּט זיך אין קאָפּ) לאַזשט דיכנען מיין קאָפּ, די וועלף זשאָלען אייך פרעשען! (זלמן אַריין) איכ'ל חאַשינע האָבען, אַבי מוטשעט נישט אזוי!...

זלמן: דו האָסט התונה, יענקעל? מיט ועמען?

יענקעל (טהוט זיך אַ וואָרף אויף איהם מיט אַ ווילדען רע־ווען): מיט נאַטאַשאַ'ן, הונד! מיט נאַטאַשאַ'ן! (שהוט איהם אַ שליידער אָן דר'ערד).

זלמן: יענקעל, קאַראַאול! יענקעל, האָב רחמנות!

יענקעל (דריקט איהם צו דר'ערד): איכ'ל זשיך שמאַדען האַ? איכ'ל זשיך שמאַדען??

עלע: יענקעל, לאָז איהם אָב!

הירש בער (כאַפּט אָן יענקלען, חאַציע העלפּט): לאָז איהם זיין יענקעלע! זיין טרפה'נע נשמה וועט פון איהם אַרויס אָהן דיר! (שלעפּט איהם אָב פון זלמנ'ען).

זלמן (שפרינגט־אויף): אוי, ער האָט מיך שיער־ניט דער־הרג'עט!

יענקעל (טהוט זיך אַ רוס פון הירש בער'ן): איכ'ל זשיך שמאַדען, האַ? (טהוט זיך ווידער אַ לאָז נאָך איהם).

זלמן: אוי, ער איז ווילד געוואָרען! (לויפט אַרויס)

יענקעל: איכ'ל אייך אַלעמען די קישקעס אַרויסלאָזען, אַלעמען, די וועלף זשאָלען איין פרעשען!...

נחום: די טרפה'נע בלוט האָט זיך אין איהם צוקאָכט, יענקעל, וואָיעווע ניט אַזוי! איך בין דאָ, זאָלסט מיר מוחל זיין, דיין מאַמע איז דאָ, דיין כלה איז דאָ, האָב דרך ארץ, זאָלסט מיר מוחל זיין, און טענה ניט!

יענקעל (ווילד): איך טענה ניט, איהר טענה'ט! איכ'ל חאַשינע האָבען מיט חייקע'ן! איך בין פרום! תהילים זשאָג איך

קריש-שמע זשאָג איך! וואָש נאָך ווילט איהר פון מיר? אַרויש! אַרויש פון דאַנען! איכ'ל (כאַפּט אַ בענקעל, טהוט אַ שמיץ אָן דר-ערד, דער בענקעל צופליהט אין שטיקער) אַרויש, איהר מאַכט מיך משוגע!

הירשבער: יענקעל, מאַך ניט חרוב פּראָטאָפּאָס שטוב!... און איהר געהט אייך געזונטערהייט... ער וועט שוין חתונה האָבּען... דערווייליע געהט מיר צו אַלדע שוואַרץ יאָהר!

נחום: נו, מילא, אַ גוטען, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, קום פרומע, חייקע!

חייקע: יענקעל, אַ גוטען טאָג דיר. (ער שווייגט).

פרומע: אַ גוטען טאָג דיר, מיין זוהן... נאַרוניו, וואָס דאַרפסטו זיין אַזוי אין כעס? איך מיין דאָך אַוודאי ניט דיין רעה!...

יענקעל (פּלוצים וואַרפט זיך צו איהר, חייך און מיט רחמנות): מאַמוניו! אָט דאָ, אָט דאָ... אַ שרפה איז דאָ ביי מיר אינ'ם קאָפּ... אַ פייער ברענט דאָ ביי מיר!... (קלאַפּט זיך אין קאָפּ) מאַמוניו, זשיי ניט בייזש, איך האָב דיך ניט געוואָלט אָבּידען! זשאָג דעם טאַטען, ווען ער וועט קומען, אַזש איכ'ל חאַשינע האָבּען מיט חייקע'ן... מאַמוניו, איכ'ל חאַשינע האָבּען, איכ'ל זשיין פרום... זשאָג-זשע דעם טאַטען, ער זשאָל מיך ניט מוטשען אַזשוי, ער זשאָל מיך ניט שרעקען...

פרומע: נו, נו, יענקעל, איכ'ל שוין זאָגען... וועה איז מיר, ווי דו קוקסט אויס!... נו, זשיי-זשע געזונד, מיין קינד! (אָב מיט נחום'ען און חייקע'ן).

הירשבער: נו, אַוועק! ברוך שפטרנו! (יענקעל זעצט זיך ביים טיש און שפּאַרט אָן דעם קאָפּ. הירש בער געהט צו צום פענסטער) עס לייטערט זיך אויס... מיר וועלען, דאַכט זיך, היינט קענען ארויספאָהרען אויפ'ן אָזערא... חאַצע, איך רעכען, מיר זאָלען דער-ווייליע די שיפען ארומזעהן... קום, קעלמער, פערקאשער אַקאָרשט די ארבעל.

חאַצע: דו געהסט, יענקעל, מיט אונז?

הירשבער: לאָז איהם זיך אָטשוכען, א רחמנות! אַהי, קעלמער, קעלמער, יענקעל'ס מלאך המות דו! נו, קום שוין, קום, טראַסצא טוואיעי מאַטערי... (ביידע אָב).

יענקעל בלייבּט זיצען אַליין ביים טיש מיט אַנ'אַרונטערגעלאָ-

ענעם קאַפּ, טיעף פֿערטהון אין זיך.

נאַטאַשאַ קוטט אריין אויף די שפּיץ פֿינגער, קוקט זיך ארום פֿער'גנב'עט.

נאטאשא (געהט צו צו איהם): יענקעל! (ער שפּרינגט אויף מיט א ווילדען געשריי און קוקט אויף איהר מיט צושראָקענע אויגען און סאָפּעט שווער. זי איז אויך דערשראָקען פֿון זיין געשריי). וואָס האָסטו זיך דערשראָקען, יענקעל? ביזטו קראַנק? ווי דו זעהסט אויס, סאָקאָל טי מאָי!... (ער וואַרפֿט זיך פּלוצים מיט'ן פּנים צום טיש אין וויינט פֿערשטיקט) יענקעל, דו וויינסט?... פּאָרוואָס?... איז דיר אויך אַזוי שלעכט, ווי מיר?... (גלעט איהם) נו, וויין ניט, יענקעל... וויין ניט... מיר וועלען בעסער ריידען... מיר זיינען אַליין... שוין פֿיער וואָכען, ווי דו אַנטלויפֿסט פֿון מיר... פּאַרוואָס, יענקעל?... איך האָב דאָך דיר, קיין שלעכטס ניט געטהון?... נו, טהו א קוק אויף מיר!... (נעמט איהם אַרום און שעפּצעט) איך ליעב דיך, וואָ, ווי איך האָב דיך ליעב, סאָקאָל טי מאָי!... אַז דו וואָלסט וויסען, וויפֿיעל איך האָב זיך אָנגעסטראַדאַיעט פֿאַר דער צייט... יענקעל, מאָי יענקעל!... (דריקט זיך צו איהם).

יענקעל (הויבט אויף דעם קאָפּ און קרעכצט אַרוים): אך, נאַטאַשאַ, איך לייד אזשוי, אזשוי... פּאַרוואָש ביזשטו ניט קיין אידישע, נאַטאַשאַ?!... (שהוט זי ווילד אַ כאַפּ און קוקט איהר אַריין אין די אויגען) נאַטאַשאַ, דו ביזשט אַזשוי שעהן, איך האָב דיך אַזשוי ליעב!... דיינע אויגען, נאַטאַשאַ, דיינע אויגען, ליליש אַ כשוף ליעגט אין זשיי, אַ כשוף. דו ביזשט, נאַטאַשאַ, תאטישעס ליליש!... או־או־או נאַטאַשאַ, או־או! (קושט זי ווילד און ברעכט זי אין זיינע אָרעמס).

נאטאַשאַ (האַלט איהם אַרומגענומען): יענקעל, וואָס האָט דאָ חייקע געטהון? פּאַרוואָס האָסטו מיך די לעצטע פֿיער וואָכען ניט געלאָסצעט?... איך האָב געוואַרט אויף דיר אין וואַלד און דו ביזט ניט געקומען, איך האָב דיך געזוכט דאָ און דו האָסט מיך נישט געזעהן!... פּאַרוואָס? אוי, איך האָב געמיינט, אז איך ווער אָשאַלעיעט!...

יענקעל: אָה, שווייג, שווייג, טייפֿעל! אוי! נאַטאַשאַ, אוי! (קושט זי ווילד).

נאַטאַשאַ (דריקט איהר קאָפּ צו זיין ברוסט): איוואַן דער פֿישער האָט מיר געזאָגט. אַז דו וועסט זיך קרעשצען און

וועכט מ'ט מיר חתונה האָבען.

י ע נ ק ע ל (אויפשפרינגענדיג בלייך און צושראָקען: קרעשצען? איך?!... (צחיפען די צייהן: נאטאשא, חייקע איז מיין כלה, חייקע?... דו בישט א וויעדמא, א טייפעל!... קריך ניט צו מיר, קריך ניט... זשאָג איך דיר, דו בישט א טייפעל! אנטלויף פון מיר, איך וועל דיך טויטען! אוביו, וויעדמא, אוביו, אנטלויף!...

נ אַ ט אַ ש אַ (הענגט זיך אָן אָן זיין אָרעם): יענקעל, דו וועסט חתונה האָבען מיט חייקע'ן? און וואָס זאָל איך טהון, האלוקא כאָיאַ ביעדנאַיאַ? יענקעל, איך ווער באַלד מוטער!...

י ע נ ק ע ל (שפרינגט אָב, ווי אַ אָפגעקאָכטער): דו?! מוטער?!.. דו?!... (ווילד) וויעדמא!! טייפעל!!! (טהוט זי אַ שטויס אין ברוסט).

נ אַ ט אַ ש אַ (פאַלענדיג אויף דר'ערד): אובעי מעניאַ, אובעי מעניא! אניט וועט מיך דער דיעדושקא טויטען! (שלאָגט זיך אין ברוסט) טויטע מיך! אובעי מעניא, אובעי!...

י ע נ ק ע ל (פאַלט צו צו איהר מיט אַ יאָמער): נאַטאַשאַ, אוי־אוי־אוי! נאַטאַשאַ! (קושט זי ווילד און קרעכצט. טהוט זיך דאַן אַ כאַפּ) וואָש טהו איך? (שפרינגט־אויף) וואָזש זשאָל איך טהון?... באָזשע מאָי, שמאַיע שרול!... (לויפט אַרויס מיט אַ פערשטיקט יאָמער פונ'ם הויז).

נ אַ ט אַ ש אַ (טהוט זיך אַ הויב פון דר'ערד): יענקעל! תאַנקט צוריק) יענקעל!... (דרעהט זיך צוזאַמען, ווי אַ בייגעל, מיט'ן פנים אין שויס און וויינט רחמנות'דיג).

פ ר א ק א פ קומט אַריין מיט אַ פיפקע אין מויל. דערזעהענדיג נאַטאשא'ן אויף דר'ערד, נעמט ער ארויס פערוואונדערט די פיפקע פון מויל און טהוט א קראַץ די פאַטילניצע.

פ ר א ק א פ (געהט צו צו איהר, רוהיג): נאַטאַשאַ! (זי טהוט אַ ציטער, א קרעכץ, הויבט אויף דעם קאָפּ. בלייבט שווייגען און קוקט אויף איהם מיט אויגען, וואָס דריקען אויס געבעט, מורא און ווערהטאָג) טאָשאָ! דו בישט נאָך אַלץ קראַנק? וואָס קוקסטו אויף מיר, ווי אַן אָפגעשציפּלעטער ציפּלענקעל, מיידעל? האַ?

נ אַ ט אַ ש אַ (טהוט זיך אַ וואָרף צו איהם און כאַפּט איהם ביים זיינע קניע מיט אַ יאָמער): דיעדושקא פראקאָפּ, זיי מיר מוחל איך בין אַ פערשאָלטענע!... פערלאָרען איז מיין קאָפּ. פערלאָרען! דיעדושקא, אובעי מעניא, טויטע מיך! איך בין אַ כאָטאַסקוכאַ, אַ בלאָזענע! איך ווער באַלד מוטער, דיעדושקא, איך האָב געזינ־

דיגט... טויטע מיך, איך ווער באַלד מוטער! (קושט איהם די פּיס) טויטע מיך!...

פּראַקאָפּ (טהוט אַ ציטער מיט'ן גאַנצען קערפּער): ביזטו משוגע, מיידעלע? וואָס האָבטו געזאָגט? נאַטאַשאַ, דו ברעשעסט! (טרעט אָב צומישט עטליכע טריט פון איהר און סאָפּעט שווער) טאָ־טאָ! (קראַצט זיך אין פּאַטילניצע) דערפאַר איז זי געוועזן אַזוי! טייפּעל דו! (פּויזע. זי וויינט. ער געהט צו צו איהר און טהוט זי א שטויס מיט'ן פוס) שטעה אויף, מיידעל! קוויטשע ניט, סוטשקאַ טי!... שטעה אויף, רייד מיט אַ טאָלק. ווער איז דער כלאָפּעץ, האַ?

נאַטאַשאַ: יענקעל, דיעדושטא, יענקעל!

פּראַקאָפּ (טהוט אַ שפּרינגג): יענקעל? דער נעכריסט? דער זשיד?! (קוקט אויף איהר מיט וועלפישע אויגען. פּויזע, שטיל־צווישען די צייהן) נו, מיידעל נו?... (געהט צו צו איהר מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט אַ צונויפגעדריקטען פויסט און פאַראויס) וואָס זאָל איך טהון מיט דיר, פּאָטאַסקוכאַ, וואָס? (הויבט איבער איהר דעם פויסט).

נאַטאַשא (אויף די קניע, בויגט איין דעם קאָפּ): טויט מיך, דיעדושקא, טויט מיך! מיר איז שווער צו לעבען?...

פּראַקאָפּ (לאָזט ארונטער די האַנד): טאָ־טאָ! עך, נאטאַשאַ, עך, פּאָטאַסקוכאַ דו, וואָס האָסטו געהאַט צו מיין אַלטען, סיווען קאָפּ? צו האָבען געפעהלט כלאָפּצעס אינ'ם דאָרף, וואָס האָבען זיך גע'שדכנ'ט צו דער קראַסאַוויצאַ נאַטאַשאַ? פאַרוואָס האָסטו זיך סניוכעט מיט אַ נעכר'סט? נאַטאַשאַ, וואָס וועט פון דיר איצט ווערען? וואָס'ער עהרליכער מוזשיק וועט איצט וועלען קוקען אין דיין זייט? עך, פּאָטאַסקוכאַ, פּאָטאַסקוכאַ, האָב איך דיר ניט געזאָגט, דו זאָלסט זיך היטען? האַ?...

נאַטאַשאַ: ער איז געוועזן מיין שעהנער סאָקאָל, דיעדושקאַ! איך בין שולדיג, מיין זינדיג האַרץ איז שולדיג... איך האָב איהם געליעבט, איך בין שולדיג!... (פּויזעט צו איהם אויף די קניע, די הענד אויסגעשטעלט צו איהם).

פּראַקאָפּ: טאָ־טאָ, דו ביזט שולדיג! (קלאַפּט אויס די פּיפּקע אויף דער האַנד און שטאָפּט זי אָן מיט טאַבאַק) דו ביזט שולדיג! (רייבט אָן אַ שוועבעלע און פאַררויכערט) טאָ־טאָ, ווער דען איז שולדיג? (געהט דורך די שטובע פּיפּקענדיג, און שטעלט זיך ווידער אָב געגען איהר) נו, מיידעל, וואָס וועט איצט זיין? אַז דיין כלאָפּעץ

וואָלט געווען אַ מוזשיק, אַ כרעסטיאַנין, וואָלט איך איהם שוין פאַר׳ן קאָפּ צו דיר געבראַכט, אַז ער זאָל מיט דיר חתונה האָבען... אָבער יענקעל, דער נעכריסט?... (טהוט זיך אַ וואָרף ווילד צו איהר) פּאָטאַסקוכאַ דו, אַז דו האָסט געוואָלט זיין אַ פּאָטאַסקוכאַ, האָסטו ניט געקענט מיט אייגענע כלאָפּצעס? אוביו! טשערוואָ, אוביו! איך וועל דיך טויטען! (הויבט די הענד איבער איהר).

נאַטאַשאַ (קלאַמערט זיך אָן זיינע פיס): טהו עס, דיעדושקאַ, טהו. מיר איז שווער צו לעבען!

פּראַקאָפּ (טהוט זי א שטויס פון זיך): פּראָטש! דו אַקעלעיעסט נאָך ניט! דיך וועל איך נאָך זעהן!... וואו איז דער נעכריסט? ער וועט זיך שוין ביי מיר קרעשצען! אניט איז דאָ דער האַק, מיט וועלכען איך האק די האָלץ אין וואַלד! וואו איז ער?!... (לויפט אַרויס).

נאטאשא (וואַרפט זיך נאָך איהם): דיעדושקא!... באָזשע מאָי, ער וועט טויטען יענקלען!... דיעדושקא!... (לויפט אַרויס נאָך איהם).

די ביהנע א ווייל אַליין.

יענקעל קומט אריין פערטהון אין זיך מיט א ליידענדען געזיכט. נעמט דעם תהילים פון טיש און קושט איהם.

פּראַקאפּ קאַלטבלוטיג מיט דער פּיפקע אין מויל און מיט א האק איבער׳ן אקסעל; אין זיינע אויגען גור, וואָס קוקען ווי ביי א הונגעריגען וואָלף, שפּיגעלט זיך אָב זיין אויפרעגונג.

פּראַקאפּ (צוגעהענדיג צו יענקלען, טהוט איהם ווילד א שלעפּ פאר׳ן אַקסעל צו זיך): נעכריסט, אַהערצו! (יענקעל קוקט אויף איהם צושראָקען. פּראקאפּ האלט איהם פאר׳ן אקסעל און קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין) וואָס האָסטו געהאַט צו מיין נאַטאשאַ ן? ענטפער! (יענקעל לאָזט אראָב דעם קאָפּ און צו־ויינט זיך ווי א קינד) ענטפער נעכריסט! וואָס האָסטו געהאט צו מיין מיידעל?...

יענקעל (הילפלאָז): ביין שולד, פּראקאָפּ, מיין שולד!

פּראַקאפּ: טאָ־טאָ, דיין שולד! פּאַרוואָס־זשע זאָל נאַטאַשאַ ליידען, אַז דאָס איז דיין שולד?... וואָס זאָל איך טהון מיט דיר, ענטפער!

יענקעל: איך ווייש ניט.

פּראַקאפּ (לאָזט איהם אָב): דו מוזט מיט איהר חתונה האָבען.

יענקעל (צושראָקען): האַ?

פראקאפ (מיט׳ן האק איבער איהם) דו מוזט מיט איהר געהן צום פּאָפּ ארסעני און זיך קרע׳שצען!

יענקעל: ניין, ניין, איך בין אַ איד, איך בין א איד!...

פראקאפ (מאכט מיט׳ן האק): קריגסטו ביי מיר מיט׳ן האַק איבער׳ן קאָפּ, אַז דו וועסט זיך ניט קרעשצען!

יענקעל (בויגט איין דעם קאָפּ): אָט האַק, פּראקאפּ, האַק! איכ׳ל זיך אָבער ניט קרעשצען, איך בין אַ איד! אַ איד! אַ איד!

גאטאַשא ווייזט זיך אינ׳ם פענסטער, דאַן טהוט זי א געשריי: הירש-בער, זלמן, חאצקע, ראטעוועט!... און לויפט אריין אין שטוב, ציטערענדיג מיט׳ן גאַנצען קערפּער, מיט די אויגען אויסגענגלאָצט אויף׳ן האַק יואָס פראקאפּ הרלט אין לופטען איבער יענקעלעס קאָפּ..

נאַטאַשא (צולויפענדיג צו פּראקאפּ׳ן): דיעדושקא! (כאפּט אָן דעם האק).

זלמן, הירש בער און חאצקע לויפען אריין.

פראקאפ: זאָל ער זיך געהן קרעשצען, איך וועל איהם דער׳הרג׳ענען! (רייסט ארויס זיין האנד מיט׳ן האק פון נאטאשא׳ס און פערמעסט זיך ווידער אויף יענקלען) וועסט זיך קרעשצען, זשיד?!

יענקעל: ניין, ניין, ניין! איך בין א איד! אַ איד! אַ איד!

זלמן (שפּרינגט צו און כאפּט ארוים דעם האק. פּראקאפּ כאפּט דאן יענקעלען ביים האלז און ווערגט איהם): וואָס האָסטו געהאט צו מיין באַטאַשאַן?! (שליידערט איהם אָן דר׳ערד און שטיקט איהם. אַלע ווארפען זיך צו איהם).

פאָרהאַנג.

# פיערטער אקט.

די ביהנע שטעלט פאָר ישעיהו׳ס קרעטשמע, מען גרייט זיך דאָרט צו דער חתונה, וואָס דאַרף היינט פאָרקומען. נחום אָנגעטהאָן אין זיין שבת׳דיגער זופּעצע, מיט פערקאַשערטע פּאָלעס, לויפט אַרום פערהאַוועט, פערשמאַיעט, שלעפּט אַרוים טישען, בענק. פרומע העלפט איהם, חייקע, אויסגעפּוצט, שטעהט און שייערט אַ פּאָר מעשענע לייכ־טער.

פרומע: מען דאַרף זיך איילען. שוין אַזוי שפּעט, באַלד קומען מענשען און איך געה אַרום ווי אַ שיקסע, ניט אָנגעטהאָן, וועה איז מיר!

חייקע: טאַטע, אַ טאַטע, וואו איז אַהינגעקומען יענקעלע?

נחום: וואָס פרעגסטו היינט אויף יענקלען? דוז וואָס ליעגט דיר היינט יענקעל אין קאָפּ? היינט איז דיין חתונה און דאַרפסט נור טראַכטען וועגען דיינע עבירות, און טענה ניט!...

חייקע (שייערט לייכטער): טאַטע, אַ, טאַטע, צו דער חופּה איז דאָך גאָט מוחל די עבירות, האַ?

נחום: אַוודאי. אויף דעם, פרימעריטשע, איז דאָך די חופּה, כדי גאָט זאָל מוחל זיין די עבירות...

הירש בער קומט אַריין.

חייקע: טאַטע, אַ, טאַטע, וועט גאָט מוחל זיין יענקעלען זיינע עבירות אויך, האַ?

הירש בער: יענקעל׳ס עבירות האָט דער גלח אַרסעני מוחל געווען פאַר אַ צעהנערל... עך, טראַסצע, ווען דער גלח אַרסעני׳ האָלט נאָטאַשאַ׳ס עסק ניט גלאַט געמאַכט, וואָלט יענקעלע העכר מייס וואו אַצינד געווען... אפשר אין גן עדן! און דו, חייקעלע, מאָלסט זיך געדאַרפט זוכען אַ אַנדער בייקעלע! ווי דו שיינסט

היינט, הייקעלע, אַנ׳אמת׳ע יפת תואר, אַ כּפרה אַ בת מלכּה!

פ ר ו מ ע : וואָס מיינט איהר? עס איז טאַקע אַ נס מן השמים! וואָס טהוט מען, ווען דער גלח אַרסעני וויל חלילה ניט נעמען קיין געלד און שפּאַרט זיך דוקא איין, אַז יענקעלע זאָל זיך שמד׳ען? אַזוי אָבער בלייבט יענקעלע טאַקי אין אידישע הענד. אַ דאַנק גאָט... דער זכות פון זיין טאַטען איז איהם בייגעשטאַנען...

ה י ר ש ב ע ר : אוי, קינדערלאך, קינדערלאך, און דאָך טהוט מיר וועה דאָס האַרץ פאַר פּראָקאָפּ׳ן, פאַר נאַטאַשאַ׳ן... אמת, זיי זיינען אַפילו גוים, אָבער... עך, טראַסצאַ! געווען אַזאַ גוטער פּראקאָפּ, אַ קלוגער און וואָס איז ער איצט? אָן זיצט ער דאָרטען און שכּור׳ט, די גאַנצע כאָזאַיסטוואָ געבראָשעט און שכּור׳ט... און נאַטאַשאַ קלייבט זיך איצטער דאָרטען אַוועקצוגעהן אין קינ־פּעט אין נאָוואָסעלסק צו איהרע אַ מומע... עך, טראַסצע, אַ בּיטערער רחמנות. כּ׳לעבען, זיי זיינען אַפילו ערלים... אָבער זיי וויינען דאָך אויך מיט טרערען, און אַז נאַטאַשאַ קרעכצט, צורייסט דאָס האַרץ איהר קרעכצען אויך... עך, טראַסצע! (טהוט אַ שמעק טאַבאַק).

נ ח ו ם : אוי, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, ר׳ הירש בער, איהר זייט אַנ׳אַפּיקורס טאַק אויף אַנ׳אמת׳ן! חאָצע איז דאָך גע־רעכט, פּרימעריטשע... וואָס זשע האָבען מיר געזאָלט טהון?... לאָזען יענקלען חתונה האָבען מיט איהר, האַ? זאָלט איהר מוחל זיין...

ה י ר ש ב ע ר : דאָס איז שוין אַנ׳אַנדער שאלה... פון ביידע זייטען טריף, נחום... דאָס איז טאַקע וואָס עס הייסט — אַ טראַסצע פון פאָרענט און אַ טראַסצע פון הינטען...

נ ח ו ם : טאָ טענה׳ט ניט, זאָלט איהר מיר מוחל זיין!...

ח י י ק ע : טאַטע, אַ טאַטע, אוי, וועל איך היינט וויינען צו דער חתונה, אַז גאָט זאָל מוחל זיין יענקלען די זינד... אָי האָט יענקעל געזינדיגט, אַ כאָלערע!...

פ ר אָ ק אָ פּ שכּור, האַנקט אויף די פיס, קומט אַריין.

פ ר אָ ק אָ פּ : ריש בער? טאָ־טאָ!... (קנייטשט מיט די ליפּען) ווילסט מיט מיר טרינקען, האַ? פרומטאַ, אַ טשאַרקו גיעבּ!..

הירש בער: איך וויל ניט טרינקען פּראָקאָפּ. געה בעסער אַהיים, נאַטאַשאַ וויל זיך מיט דיר פּראָשצייען, זי געהט אַוועק צו איהר טיאָסקע אין נאָוואָסעלסק...

פּראָקאָפּ (קוקט אויף איהם מיט מוטנע אויגען און קאָרטשעט מיט די ליפּען): נאַטאַשאַ? טאָ־טאָ!... (צולאַכט זיך שטיל, מיט אַ דינעם קינדערשען געלעכטער) ניטאָ ביי מיר קיין נאַטאַשאַ... הו־הו־הו, אַוועק, אַוועק, (ווייזט מיט'ן האַנד אויף דר'ערד) זי איז אין דר'ערד אַוועק מיט דעם טייפעל!.. (פּייפט) ניט מיין קינד איז נאַטאַשקאַ, נאָר דעם טייפעל'ס קינד!... נו, ריש בער, ווען'ס אויסטרינקען, צי ניין?....

הירש בער: געה אַהיים, פּראָקאָפּ... מענש, וואָס ווערט פון דיין כאָזאַיסטוואָ?...

פּראָקאָפּ: מיין כאָזאַיסטוואָ? פאַרברענט זאָל זי ווערען וואָס דאַרף איך די כאָזאַיסטוואָ?... אין קבר וועל איך דאָס מיט זיך נעמען, צי וואָס?... (צולאַכט זיך מיט זיין קינדערשען געלעכטער). איך דאַרף גאָר ניט, גאָר ניט... טאָ־טאָ! טרינק, גיס אַריין איינס נאָך דער אַנדערער!... טרינק און ניט טשערקאַ! (טאַנצט אונטער). טרינק, טראַכט ניט, זינג דיינע פּיעסניעס און שטאַרב, אָקאָלעיע. ווי אַ הונד — טאָ־טאָ!... כע־כע־כע (זינגט) „עך טי בעריאָזאַ, טי מאָיאַ בעריאָזאַ"... (אָב, זינגענדיג, טאַכענדיג מיט די הענד צום טאַקט פון זיין זינגען).

הירש בער (זיפצט): פערפאַלען, מען קאָן שוין זאָגען רבנן קדיש נאָך פּראָקאָפּ'ן!..

נחום: רבנן קדיש? וואָס רעדט, איהר, ר' הירש בער. זאָגט כאָטש: להבדיל, פּרימעריטשע, זאָלט איהר מוחל זיין!

הירש בער: עה, איך האָב פערגעסען, אַז רבנן קדיש קען מען נור זאָגען נאָך אַזאַ תלמיד חכם ווי דו ביזט, ר' נחום הגאון! עך, טראַכטע, נאַ, דערפאַר נעם אַ גוטען שמעק טאַבאַק!...

פּרומע: וואו איז יענקעלע? איצט, אַז פּראָקאָפּ איז אַוועקגעגאַנגען, דאַרף ער זיך ניט באַהאַלטען... אוי, ר' הירש בער האָט יענקעלע מורא פאַר פּראָקאָפּ'ן! דערזעהט ער איהם פון ווייטען, הייבען איהם אָן הענד און פיס צו ציטערן, און ער בע־

האַלט זיך. אַפּנים, ער האָט איהם גוט אָנגעשראָקען מיט'ן האַק!

הירש בער: אפשר בעהאַלט ער זיך פון איהם ניט מחמת ער האָט מורא פאַר איהם, נור מחמת אַנ'אַנדער זאַך? איך האָב אַמאָל אַ הינטעל אויסגעבראָכען אונגערן אַ פוס, איז אַלע מאָל דערנאָך, אַז איך פלעג איהם דערזעהען הינקענדיג, פלעג איך אָבקערען דעם קאָפּ... היינט אַ פשיטא, אַז מען ברעכט אויס אַ מענשעןביידע פיס!...

נחום: נו, מאלע וואָס פריהער איז געווען, זאָל דאָס געמען דער קאַדיק, אַבי איצט ווערט יענקעלע אַ מענש... שוין אַ וואָך ווי ישעיהו ווייזט זיך ניט צו אונז און ניט צו איהם. אַפּנים, אַז ישעיהו איז דאָרט זיכער געוואָרען מיט דער חתונה, האָט ער זיך דאָרט בערוהיגט...

הייקעלע: ר' הירש-בער, אַ ר' הירש-בער, אוי, האָט מען יענקלען געמאַכט אַ גאַרנ-טערל אַ דראַפּענעם, אָט איהר וועט איהם שוין היינט זעהן אונטער דער חופה — אַ מחיה! און אַ זייגערל האָט מען איהם געקויפט מיט אַ קייטעלע... און אָט איז אַ זיידען פאַטשיילקעלע פאַר איהם אויך! (ווייזט אַ חיים טיכעל).

נחום: הייקעלע, הייקעלע, טראַכט מיר ניט היינט פון יענקלען, אַנ'עבירה, זאָלסט מיר מוחל זיין!...

הייקע: אוי אַז ער קריכט מיר אין קאָפּ!... (קראַצט זיך אין קאָפּ).

יענקעל אַריין מטורף.

יענקעל: ער איזש אַמעק? (דערזעהן הירש-בער'ן) איהר, ר' הירש-בער? (נעהט צו צו איהם) עש איזש מיר סטראַשנאָ צו קוקען...

הירש-בער: אויף וועמען?

יענקעל: אויף פראָקאָפ'ן. אַ רחמניש!... עך ר' הירש-בער, די וועלף זשאַלען מיך פרעשען, איך בין אַ מאַזוריק!...

נחום: יענקעלע שילט זיך ניט היינט! היינט איז דאָך דיין חתונה, זאָלסט מיר מוחל זיין, סאָ טענה ניט!...

יענקעל: וואָש מיר חאַשינע? איך בין אַ שלעכטער מענש און באַסטאַ!

הירש בער: יענקעלע, נאַרוניו דו, שעהנערע מענשען ווי דו, סהוען אָב אַזעלכע זאַכען. ניט דו ביזט דער ערשטער און ניט דו ביזט דער לעצטער... שלאָג זיך עס אַרויס פונ'ם קאָפּ... און אָט איז דיין כלה, חייקעלע, ווענען איהר טראַכט!...

נחום (כאַפּט אונטער): און טענה ניט!...

יענקעל (ציהט אָב הירש-בער'ן אָן אַ זייט און שטיל): ר' הירש-בער, חייקעלע איזש אַ זאַראַזאַ, מיר איזש נודנע צו קוקען אויף איהר... זשי איזש מיין כלה, דער טאַטע חיל אַזשוי, אָבער די וועלף זשאָלען זשי פרעשען!... ר' הירש-בער, ניט גוט! ניט גוט!...

הירש בער: זיי ניט קיין ווילדער, יענקעל... חייקע, וואו איז יענקעלע'ס זיידענע פאַטשיילקעלע?

חייקע (נעמט דאָס זיידען טיכעל און טהוט איהם אָן אויפ'ן האַלז): אוי, ווי שעהן... טראָג געזונד, יענקעלע! ווייז ר' הירש-בער'ן דיין זייגער און קייטעלע...

יענקעל: וואָש האָשטו מיר אָנגעטהון די פאַטשיילקע? (רייסט עס פון זיך) דו בעשטער טהו אָן אַ שטריק מיר אויפ'ן האַלזש און זאַדושע מיך! (שלעפּט אַרויס פון קעשענע אַ זייגער מיט אַ קיי-טעל) נאַ דיר דאָש אויך אַוועק, נ-נאַ!

הירש-בער (האַלט איהם אָב): יענקעלע, טראָג דער כלה'ס מתנה, פערשעהם זי ניט. נאַרוניו, אַז דו וועסט איהר געבען אַ מתנה, וועט זי אויך טראָגען... פרומע, וואו איז יענקעל'ס נייער גאַרניטערל?... זאָל ער אָנטהון!

פרומע: אין דער צווייטער פּאַלאַווינע... איך האָב פער-פאַסקודעטע הענד...

חייקע: איך וועל ברענגען יענקעלען דעם גאַרניטערל! (אָב).

יענקעל (דורכנעמאַנגען דאָס צימער, שטעלט ער זיך ווידער אַב נעבען הירש-בער'ן און שטיל): ר' הירש-בער, איך האָב געהערט, אַזש זשי געהט היינט אַוועק אין נאָחאָטעלסק צו איהר מומען. איזש דאָש עמעש?

הירש בער: ווער?

יענקעל: זשי, זשי... נאַטאַשאַ... (ויפּצט)

הירש בער: טראַכט ניט וועגען איהר..

יענקעל: איך האָב פינף רובעל... וויל איך עס איהר געבען...

חייקע מיט'ן גאַרניטור אַריין.

חייקע: זעהט, ר׳ הירש־בער, ס'אַרע שעהנער... אַ דראַפּ־נער, זאָל ער טראָגען געזונטערהייט!... (אַ קלינגען פון גלעקלעך אַ „מפרהרר").

נחום: אוי, דאָס האָט געמוזט קומען חאַצע מיט דער חופּה פון שטאָדט! פרומע, קעהר זיך! שטאָדטישע מענשען קו־מען!

פרומע: אוי וועה איז מיר, די טישען זיינען נאָך ניט געבריים! ודיקעלע, פיהר אַריין די געסט אין יענער פּאַלאַווינע!

חייקע (שפּאַרט אַריין יענקלען דעם גאַרניטור אין די חענד): איך לויף! בוק זיך אויס, כאָלערע, די ביזט דאָך אַ חתן. וואָס שטעהסטו? (אָב).

חאַצע אין שבת'דיגע מלבושים אַריין.

חאַצע: נו, געקומען! די חופּה, דער שמש, דער מאַר־שאַליק, די כלי זמר, איך מיין עפּעס, אַ אידישע התונה!

נחום: האָט דער הראָנער מיינער גוט געה'הלכ'ט, האַ, ר׳ חאַצע?.. (קוועלט) אַ פערד און לייט, פרימעריטשע, האַ, ר׳ חאַצע?

חאַצע: אַ פערד איז אַ פערד... אונזערע צעהן אויסגע־דאַרטע אידען האָט ער פערשלעפּט, איך מיין עפּעס!

הירשבער: אַז ער האָט געקענט פערשלעפּען אַזאַ משא, ווי דיך, חאַצע, איז ער שוין אַ גוטער פערד!...

חאַצע: נו, מילא! קומט צו די געסט. אַ חרפּה, פרעמדע אידען!

פרומע: איך לויף זיך אָנטהון. (אָב).

נחום: קומט, ר׳ הירש־בער. מיר וועלען דערווייל דאָרט מאַכען אַ קנאַק.. יענקעל, טהו זיך אָן אויף גיך, אריף גיך, מאַרודע ניט, אַ קלאָג צו דיר!.. (אָב מיט הירש־בער'ן און חאַצע'ן).

יענקעל בלייבט אַליין מיט'ן גאַרניטור אין הענד.

יענקעל (אַ שמיץ געטהון דעם גאַרטימור און רד'עד): די חעלף זשאַלען דין פּרעשען!.. (פֿון דרויסען דערהערט זיך פּלוצים אַ קראַקען פֿון אַ וואָראָנע, ער טהוט זיך אַ צאַפּעל).

נאַטאַשאַ, קוממ אַריין מיט'ן קלומיקעל אויפ'ן פּלייצע און מיט אַ שטעקען אין האַנד. זי איז אָנגעטהון אין אַ גרויסער סערמיאגע מיט אַ טיכעל אויפ'ן קאָפּ איבער די אויגען, קוים תאָם זי פּרעט. יענקעל דערזעהט זי, בלייבט ער שטעהן, ווי אַב'איינגעגראָבענער.

נאַטאַשאַ: דער דיעדושקאַ איז דאָ אויך ניסאָ.. (דערזעהט יענקלען, טהוט זי זיך אַ צאַפּעל און קעהרט זיך אום צוריק צו דער טיר. יענקעל טהוט זיך אַ וואָרף נאָך איהר).

יענקעל: נאַטאַשאַ! (זי בלייבט שטעהן). דו געהסט אין נאָוואָסעלסקי?

נאַטאַשאַ: אַוועק, דושעגובעץ! אַוועק, ראַזבאָיניק, בעסער וואָלט מען מיך געפּיהרט אַ טויטע אויף די מאָגילקעס, איידער איך זאָל געהן, אַ פּאָטאַסקוכע, צו מיין טומען אין דאָרף!...

יענקעל (געהט צו צו איהר און מורמעלט): נאַטאַשאַ, פערגיב מיר!...

נאַטאַשאַ: אַוועק פֿון מיר! ראַזבאָיניק, איך וועל דיר די אויגען אויסקראַצען! (וואַרפֿט זיך צו איהם און בלייבט שטעהן געבראָכען און וויינט אויפ'ן קול).

יענקעל (קלאַפּט זיך אין ברוסט): יאָ, יאָ, נאַטאַשאַ, טהו דאָס! רייס אַרויס ביי מיר די אויגען! רייס אַרויס ביי מיר דאָס האַרץ! איך בין אַ ראָזבאָיניק, נאַטאַשאַ! נאַטאַשאַ, עך, נאַטאַשאַ, איך בין אַזוי אונגליקלאַך! אָי־אָי! (צו־וויינט זיך).

נאַטאַשאַ: דו ביזט אונגליקלאַך? כאַ! כאַ! כאַ! און אַ יידען פּאַטשיילקעלע סראָגסטו אויפ'ן האַלז, ווי אַ פּאַניטש! און דאָרט, אין יענער פאַלאַורינע, וואַרטען אויף דיר מוזיקאַנטען און אַ כלה, ראַזבאָיניק, אוי וואָס האָסטו געהאַט צו מיר? איך בין געווען אַ עהרליך מיידעל און היינט בין איך אַ פּאָטאַסקוכאַ!... איך בין געווען אַ יתומה אויף גאָט'ס וועלט, אָהן אַ טאַטען

און אָהן אַ מאַמען, אַ ציידען האָב איך נור געהאַט, אַ גוטען דיעדושקאַ. האָב איך איהם אויך פֿערלאָרען. אפֿילו זעגענען זיך האָט ער מיט מיר ניט געוואָלט! באָזשע מאָי, דער דיעדושקאַ פראקאפ האָט מיך פֿערשאָלטען! (דער קראַנקען פֿון דער האראנגע. זי מיט שרעק) הערסט, הערסט, ווי די ווארגע קראַקעט? זי טראָגט מיר נאָך מיין ציידענ'ס קללה! אויף דיין קאָפּ זאָל זי פֿאַלען, דושעגובען אויף דיין קאָפּ!

יענקעל (צוגייענדיג צום קראַנקען פֿון דעם קראַקען): נו, וואָס זאָל איך טהון? זשאָג! איכ'ל אַלעס טהון, דיר צו העלפֿען! (קלאַפּט זיך אין ברוסט) נאַטאַשאַ, איך וויל דיר העלפֿען, אפֿילו שטאַרבען וואָלט איך פֿאַר דיר געהאָלט!

נאַטאַשאַ: יענקעל, סאָקאָל דו מיינער, נור דו אַליין קענסט מיר העלפֿען... איך האָב דאָך דיר אַזוי ליעב, גאָלאָוּוקאַ מאָיאַ בעדנאַיאַ! יענקעל, קרעשצע זיך!

יענקעל (שפּרינגט אָב צוריקען): ניין, ניין, ניין! נאַטאַשאַ, איך בין אַ איד! ליליש וועט מיך אַזשוי אויך קנאַקען אין אויוען! אוי נאַטאַשאַ, פֿאַרוואָס ביזשטו ניט קיין אידעשע? איך בין אַזשוי אונגליקלאַך! איך האָב דיך ליעב און דו ביזשט ניט קיין אידעשע! איך וויל דיך ראַטעווען און איך בין אַ איד!... (צווייגט זיך הילפֿלאָז).

נאַטאַשאַ: טאָ זאָלסטו זדאָכניען, ראַזבאָיניק, אַז דו ווילסט זיך ניט קרעשצען! זאָל דיין חייעטשקע, אַז זי וועט מיט דיר תתונה האָבען, פֿערלירען אין דיך, אַי איהר טאַטען, אַי איהר מאַמען, אַזוי ווי איך. און טאָמער האָט זי אַ ציידען, זאָל ער זי אויך פֿערשילטען אַזוי ווי מיין ציידע מיך! דו זאָלסט זדאָכניען, דיין חייעטשקא זאָל זדאָכניען... (דער קראַקען פֿון דער וואָראָנע) דו הערסט די וואָראָנע? (ער שפּרינגט אָב מיט שרעק) איצט וועסטו זיכער זדאָכניען! (זי געהט-צו צו דער טיר).

יענקעל (וואַרפֿט זיך נאָך איהר מיט פֿערצווייפֿלונג אין'ם קול): נאַטאַשאַ! (זי בלייבט שטעהן. ער נעמט אַרויס אַ פֿינף רובל פֿון דער קעשענע) איך האָב פֿינף רובל, נעם! (שטופּט איהר אַריין אין האַנד).

נאַטאַשאַ: צוזעק! (װאַרפט אַװעק דאָס גליד).

יענקעל (נעמט אַרױס זײַן װײנער און קוימט): נעם, נעם! האָלובושקאַ, נעם אַלעש! (נעמט אַרונטער דאָס אידען טיכעל, פון האַלז) נעם! האָב ראַחמאנעש! (זי שמײסט עם אַלעם אַװעק קאָרעטעס זיך צואַמען און װײנט אין אַרבּעל).

פּראָקאָפּ שטײט, קומט אַרײַן מיט אַ שטריק אין די הענד.

פּראָקאָפּ: כפרומקא! װאָס איז כפרומקא? איך האָב געברענגט די שטריק, װאָל די מיר פאַר דעם געבּען אַ האַלבּע קװאָרט!

יענקעל (מהום זיך אַ װאַרף איהם צו די פיס): אַלטער פּראָקאָפּ, זשײַ מיר מוחל! איך האָב געזשינדיגט געגען דיר, אַזױ װי איך האָב געזשינדיגט! אָבער געגען מײַן טאַטען און געגען גאָט האָב איך נאָך מעהר געזשינדיגט! (קושט איהם די פיס און הײנט).

פּראָקאָפּ: כפרומקא, אַ האַלבּע קװאָרט!...

יענקעל (הױבּט זיך אױף פון דר'ערד און גיט פּראָקאָפּען דעם װײנער): נאַ, דיעדושקאַ, און גיב מיר דײַן שטריק! (שטאַרט איהם אַרײַן דעם װײנער און נעמט די שטריק) [illegible] פּראָשטשײַ, נאַטאַשאַ! (אָב מיט דער שטריק).

נאַטאַשאַ: דיעדושקאָ, זעגען זיך מיט מיר!...

פּראָקאָפּ: כפרומקאַ, אַ האַלבּע קװאָרט, װאו איז זי?... (אָב).

נאַטאַשאַ (לױפט איהם נאָך): דיעדושקא זעגען זיך מיט מיר! (בלײַבּט פּלוצים שטעהן) די שטריק... (קוקט צומישט).

הירש בער און חײקע אַרײַן.

חײקע: װאו איז ער? די אידען פרעגען, װאו איז דער חתן?...

חאַצע לױפט אַרײַן.

חאַצע: ר' הירש בער, גװאַלד, יענקעלע האָט זיך אױפגעהאָנגען! (לױפט אַרױס. הירש בער און חײקע נאָך איהם. נאַטאַשאַ מהוט זיך אַ װאַרף צו דער טיר. שפּרינגט אָב מיט אַ פערצװײפעלטען געשרײ. אַ שטעל פון דרױסען און אַ יאָמער...)

פּראָקאָפּ ערשײַנט װידער, בלײַבּט שטעהן אין דער טיר.

פּראָקאָפּ: כפרומקאַ, אַ האַלבּע קװאָרט!...

פאָרהאַנג.